פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

רוסלענדישע קאָמוניסטישע פאַרטיי

צ. ק. פון ר. ק. פּ. :: :: :: :: :: צ. ב. פון די אידסעקציעס

# הירש לעקערט.

## צום 20-טן יאָרטאָג פון זיין קעפּונג.



מאָסקווע, 1922 יָר.

פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

רוסלענדישע קאָמוניסטישע פאַרטיי

צ. ק. פון ר. ק. פ. :: :: :: :: צ. ב. פון די אידסעקציעס

# הירש לעקערט.

## צום 20-טן יאָרטאָג פון זיין קעפונג.

מאָסקווע, 1922 יאָר.

* *

*

אפן גרענעץ פון די העלדישע יאָרן...

מיט אַט די ווערטער קאָן מען כאַראַקטעריזירן די יאָרן 1902--1901 אינם לעבן פון דער אידישער אַרבעטער־מאַסע.

דער פאַרגאַנגענער צענדליק יאָרן—פון 1890 ביז 1900--איז דורכ־געגאַנגען מיט גרויסער, ברייטער און טיפער צוגרייטונגס־אַרבעט צו יענער צייט, ווען מע וועט דאַרפן אַרויסטרעטן אין גאַס, אין אָפענעם באַוואָפנטן קאַמף מיט די באַוואָפנטע קרעפטן פון דער צאַרישער דעספּאָט־יע. אין די יאָרן 05—1903 האָט שוין דער אידישער אַרבעטער אַלס גרויסע מאַסע אָנטיילגענומען אין די גרויסע צענטרען ווי װאַרשע, לאָדז, ביאַ־ליסטאָק אין אָט דעם באַוואָפנטן קאַמף. די אידישע מאַסע איז שוין גע־וואָרן אַ העלדישע מאַסע. אין יאָר 1902 איז דער צוזאַמענשטויס געווען ניט נאָך די קרעפטן. די אידישע אַרבעטער־מאַסע האָט נאָך אַלס מאַסע ניט געקאָנט אַרויסטרעטן, ווי אַ קאָלעקטיווער העלד: האָט זי פון אירע רייען אַרויסגערוקט אַ מאַסן־העלד הירש לעקערט.

הירש לעקערטס אַטענטאַט—דאָס איז דער סימען פון אָנוואַק־סנדע קרעפטן, וועלכע וועלן שפּעטער אַלס מאַסע זאָגן זייער וואָרט. זיין אינדיווידועלער אַרויסטריט איז אַ סימען פונם קריטישן פּעריאָד, וועלכן ס'האָט איבערגעלעבט אין יענער צייט די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג.

אין 30—20 יאָר אַרום קאָנען מיר שוין איצט רואיק, אין דער היס־טאָרישער פּערספּעקטיוו אָפּשאַצן יענעם פּעריאָד פון דער אידישער אַר־בעטער־באַוועגונג מיט אַלע זיינע פריידן און ליידן, מיט אַלע זיינע פע־לערן און וואַקלונגען.

ווי אַ סאָציאַליסט איז אַרויס אַף דער היסטאָרישער אַרענע דער אידישער אַרבעטער, זיין אידעאָלאָגיע איז געווען פון אָנהויב אָן דער מאַרקסיזם, די אידייע פון קלאַסנקאַמף, פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאַראַיי־ניקונג פון די אַרבעטער־מאַסן. ווי שמאָל און קליין עס זיינען ניט געווען די ערשטע טריט פון דער באַוועגונג,—איז דאָס געווען אַ קלאַסן־אַרויס־

טריט פון אַ סאָציאַלן שיכט, וועלכער האָט זיך אויסגעטיילט אין דער געזעלשאַפט אַדאַנק דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

די אַמאָליקע סאָציאַלע איינאַרטיקייט, די סאָציאַלע פאָרמלאָזיקייט פון די אידישע מאַסן האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן. עס איז געקומען דער אידישער פאַבריקאַנט און גרויסער סוחר. ער האָט אונטערגעוואָרפן אונטער זיך דעם קליינעם האַנטווערק און פאַרשטאַרקט דערמיט די עקספּלואַטאַציע פונם גערונגענעם אַרבעטער. עס איז אויסגעוואַקסן דער אַרבעטער, דער „אידישער אַרבעטער, גווירישער קאָרבן, וואָס הייבט שוין פון פריהייט די פאָן".

ער האָט זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן אין זיין שטרעבונג צו פריהייט און איז גלייך געקומען אין אָפענעם צוזאַמענשטויס מיט דער גאַנצער אָרומיקער סוויווע. אַנשטאָט אַכדעס—קלאַסן־קאַמף, אַנשטאָט האַכנאָע—רעוואָלוציאָנערע אידייען, אַנשטאָט מוירע פאַרן פּאָריץ און קייסער—די אידייע פון אומוואַלגערן די גאַנצע מאַכט. דער אָרגאַניזירטער אידישער אַרבעטער—וואָס ער זאָל ניט זאָגן, ווי ער זאָל ניט דענקען—אַלס אָביעקטיווער פאַקט איז דאָס געווען רעוואָלוציאָנער, און דאָס האָט רעוואָלוציאָניזירט די גאַנצע אַרומיקע סוויווע.

די אָקטיווע באַדינגונגען האָבן זיך צונויפגעלייגט פאַר דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג ניט גוט, די אָביעקטיווע מעגלעכקייטן זיינען געווען ניט גינסטיק. אויסגעוואַקסן אַלס טייל פון אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אַרמיי, האָט די אידישע אַרבעטער־מאַסע ניט געקאָנט רעאַליזירן אַלס מאַסע אָט די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט. אין יענער געגנט, וואו די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אַנטשטאַנען, זיינען קיין קאָנצענטרירטע ניט אידישע אַרבעטער־מאַסן ניט געווען. דאָרט, וואו אָט די ניט אידישע אַרבעטער־מאַסע איז יאָ געווען—אין פּוילן—איז גרויס געווען די נאַציאָנאַלע אָפּזונדערונג צווישן די ביידע טיילן פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס פלעגן זיך זעלטן וואו טרעפן אַף איינע און דיזעלבע פאַבריקן.

שעדלעך האָט אויך געווירקט די שוואַכע עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג: דער אידישער אַרבעטער איז געווען אַממייסטן אַן אַרבעטער פון קליינעם וואַרשטאַט—דאָס האָט אָפּגעהאַלטן דעם טעמפּ פון זיין רעוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג.

באַ אָט די שווערע אָביעקטיווע באַדינגונגען זיינען די רעזולטאַטן פון דעם ערשטן צענדליק יאָרן פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג געווען גוואַלדיק גרויס. מיט שטאָלץ האָבן די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבעטער—די נעכטיקע פּאַריער צווישן די פּראָלעטאַריער,—געקאָנט זאָגן וועגן זיך, אַז זיי זיינען דער אַוואַנגאַרד פון דער רוסישער אַרבעטער־

באַוועגונג. אַלס אַזעלכער איז דער אידישער אַרבעטער געגאַנגען אין די פאָדערשטע רייען דעם גאַנצען לעצטען צענדליק יאָרן פונם פאַרגאַנ־גענעם יאָר־הונדערט.

ניט טיף איז אָבער געווען דער אינהאַלט פון דער גאַנצער אַרבע־טער־באַוועגונג פון יענער צייט. „עקאָנאָמיזם” האָט געהייסן די גאַנצע שיטע, וואָס האָט געהערשט אין די אָנפירנדע קרייזן. לויט אָט דער שיטע האָט דער גאַנצער ־באַזיס פון דער באַוועגונג געזאָלט זיין דער עקאָנאָ־מישער קאַמף פון אַרבעטער קעגן פאַבריקאַנטן. אַפילע דער קאַמף קעגן צאַריזם איז געווען באַגרינדעט קימאַט אויסשליסלעך אַפן יעסאָד פון אָט דער עקאָנאָמיסטישער אידייע; די רעגירונג לאָזט ניט פירן דעם עקאָנאָ־מישן קאַמף,—אַראָפּ אָט די רעגירונג! ניט די ברייטע אַלזייטיקע קלאַסן־אידייע, וואָס דערציט דעם אַרבעטער צו דער אידייע פון קאַמף פאַר פּאָ־ליטישע מאַכט, נאָר אַ שמאָלע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע אידייע, וועלכע כ׳ לענין האָט דאַן אַזוי געלונגען אָנגערופן מיטן נאָמען „טרייד־יוניאָניס־טישע פּאָליטיק”.

דער „בונד” איז דעמאָלט געווען אַ ברייטע פאַרצווייגטע מאַסנדיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון עקאָנאָמישע קאַסעס מיט אָנפירנדע קאָמיטעטן, וועלכע האָבן באַדאַרפט דורכדרינגען די גאַנצע אָרגאַניזאַציע מיט סאָציאַליסטישע אידייען פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וועלכע האָבן אָט די אויפגאַבע אין אַ גרויסער מאָס דערפילט, אָבער ניט גענוג ברייט, לײדנדיק אַף דיזעלבע פעלערן, ווי די גאַנצע רוסישע אַר־בעטער־באַוועגונג.

די שוואַכע אידעאָלאָגישע רעוואָלוציאָנערע צוזאַמענפּרעסונג פון דער גאַנצער באַוועגונג האָט זיך אַרויסגעוויזן אין 1901 יאָר, ווען זובאַטאָוו האָט זיך פאַרמאָסטן אַף דער אידישער אַרבעטער־מאַסע און האָט גע־פּרוּווט אָפּציען זי אַף לעגאַלע וועגן. אין מינסק האָט זיך דאָס אים איינ־געגעבן און זיין זובאַטאָווישע „אַרבעטער”־פּאַרטיי האָט אַ גאַנץ יאָר קאָנקורירט מיט דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, האָבנדיק דערביי אַ גאַנץ גרויסן ערפאָלג.

גלייכצייטיק האָט די רעגירונג מיט אַ פולער אומבאַגרענעצטער מאָס געשאָטן אַף די אידישע אַרבעטער אַ האָגל פון רעפּרעסיעס און געשטויסן די אַרבעטער־מאַסע צו אַ צוזאַמענשטויס. די ווילנער מאַסע מיטן אָנ־פאַל אַף דער פּאָליציי אין יולי 1900 איז געווען דער סימען, אַז עס וואַקסן אָן די קרעפטן פון דער רעוואָלוציע אויך אין דער אידישער אַר־בעטער־מאַסע, וועלכע ווערט שוין פעאיק צום ווידערשטאַנד. ווען אָבער עס איז געקומען די שענדלעכע באַשטראָפונג פון 1902, האָט זיך אַרויס־

געוויזן, אַז די מאַסן־פּסיכאָלאָגיע איז נאָך ניט גענוג צוגעגרייט אויפצו־ נעמען אָט דעם שוואַכן ניסאָיען...

עס דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז די שענדלעכע באַשטראָפונג איז אויפגענומען געוואָרן פון ערשטן מאָמענט, ווי אַ סימען פון איר איי־ גענער אָנמעכטיקייט דורך דער גאַנצער אַרבעטער־מאַסע, ווי אַ סימען פון שוואַכקייט פון די רעוואָלוציאָנערע קרעפטן; און דאַפקע אין 1902 יאָר, וועלכער איז געווען אַזוי רייך מיט מאַסן־צוזאַמענשטויסן צווישן אַרבעטער און פּאָליציי. די ווילנער שמיץ האָבן זיך קרענקלעך אָפּגערופן ניט אין גאַנץ רוסלאַנד, נאָר בלויז צווישן די אידישע אַרבעטער. דאָ האָט זיכער געווירקט די אָפּגעריסנקייט פון דער אַלגעמיינער פּראָלעטאַרישער סטיכיע, די געוויסע אָפּזונדערונג פון די אידישע מאַסן.

די ווילנער דראַמע—דאָס איז אַ גאַנצער עטאַפּ אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווען זי האָט זיך נאָך ניט געפילט גענוג דרייסט צו אַ אָפענעם צוזאַמענשטויס מיט דער רעגירונג. ניט קענענדיק אַלס מאַסע אַרויסווייזן קיין ווידערשטאַנד, האָט זי פון אירע רייען אַרויסגערוקט אַ מאַסן־העלד.

הירש לעקערט — איז די פאַרקערפּערונג פון דער גאַנצער פאַר־ גאַנגענער עפּאָכע פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.—ער איז דער אָנזאָג, אַז עס וועלן קומען, אַז עס גיין שוין מאַסן פון העלדן, וועלכע וועלן אין אָפענעם קאַמף צוזאַמען מיטן גאַנצן פּראָלעטאַריאַט שטורע־ מען די גאַנצע געביידע פון דער צאַרישער און שפּעטער בורזשואַזער אָרדענונג.

און טאַקע באַלד איז אָנגעקומען דער אָקטיאַבער פון 1905 יאָר, אַלס אַ ווייטער נאָך פאַרנעפּלטער אָנזאָג אַפן טריאומפירנדן אָקטיאַבער פונם 1917 יאָר...

---

## II. לעקערטס לעבן און טויט

עלי'ע רייטשוק

# הירש לעקערט.

.1

באַקאַנט האָב איך זיך מיט לעקערטן אין 1898 יאָר. דאָס איז געווען, ווען איך בין אָנגעקומען אַרבעטן אין דעם שוסטער־וואַרשטאַט, וואו ער האָט דאַן געאַרבעט אין ווילנע, אין אַ גרויסן וואַרשטאַט פון אַ מאַן 30. מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק אַ שוסטער־וואַרשטאַט פון אַ מאַן 30 האָט זיך גערעכנט אין ווילנע שוין פון די גרעסטע.

איך האָב באַזונדערס אַכטונג געגעבן אַף אים, ווייל ער האָט שוין דאַן אויסגעטיילט זיך פון די איבעריקע, האַגאַם ער איז געווען פון אַ קליין שטעטל, אָבער אַ רירעוודיק, אַ פלינק אינגל, אַ באָכער ניט קיין שוואַכער, זיין גאַנצער האַלטן זיך איז שוין געווען ניט פון אַ קליינשטעטל־דיקן. ער האָט ניט פאַרמאָגט די שפּיצלעך פון די שוסטער פון יענער צייט.

זיין איינציקער פעלער איז געווען, וואָס ער האָט ניט געקענט ניט שרייבן ניט לייענען, אָבער ער פלעגט זיך זייער שטאַרק אינטערעסירן צו וויסן, וואָס שרייבט זיך אין די צייטונגען, און אַז ס'פלעגט אָנקומען אַ צייטונג (געוויינלעך אַ רוסישע, ניט קיין אידישע,—אידישע האָט נאָך אין יענער צייט די צאַרישע רעגירונג ניט דערלויבט), פלעגט מען מוזן לייענען אין דער הויך. ער איז געוואָרן גיך צו מיר צוגעבונדן, און אָפּט־מאָל פלעג איך אַוועקלייגן די אַרבעט און לייענען אים די צייטונג. באַזונדערס פלעג איך אים מוזן לייענען אָפּן קאָל די „אַרבעטער־שטימע”. דאָס, וואָס ער האָט ניט געקענט לייענען, האָט אים קענטיק געקאָסט אַ היפּש ביסל געזונט, און דאָס פלעגט זיך אַרויסווייזן, ווען איך פלעג אַמאָל ניט וועלן לייגן די אַרבעט אים צו לייענען, דאַן פלעגט ער מיטן גאַנצן אימפּעט אַ ריס טאָן די אַרבעט פון מיר און ניט געבן צוריק, ביז איך

פלעג זיך אָוועקזעצן נעבן אים און אַ היפּשע ביסל צייט פּאַטערן אַפּן לייענען פֿאַר אים. דערפֿאַר אָבער איז ער געוואָרן זייער צוגעבונדן צו מיר.

.2

אין יענער צייט זיינען שוין אין ווילנע געווען פֿעסטע פֿאַראייניגען פֿון אַרבעטער, פֿאַרשטייט זיך, אומלעגאַלע און אונזערע שוסטער האָבן שוין דאַן געהאַט אַ מאַן 70—80 אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען אָנגעפֿירט פֿון „בונד". און גאָר אינגיכן ווערט לעקערט אַ מיטגליד פֿון אונזער פֿאַראיין.

די שטרייק־באַוועגונג שטאַרקט זיך פֿון טאָג צו טאָג, און דעם פֿאַר־איין קומט אויס צו קעמפֿן מיט שטרייקברעכער, וועלכע ווערן אָפּטמאָל געדונגען פֿון די באַלעבאַטים און אין איינציקע פֿאַלן געגויט פֿון דער פּאָ־ליציי, ווייל די פּאָליציי האָט דאַן געגויט צו אַרבעטן אַלס שטרייק־ברעכער. פֿאַרשטייט זיך, אַז האָבנדיק צו טאָן מיט אַזוינע שטרייקברע־כער, פֿלעגט אויסקומען צוווישן אַנדערע מיטלען באַנוצן אויך פֿיזישע.

לעקערט פֿלעגט ווערן שטאַרק אויפֿגערעגט, ווען ער פֿלעגט זיך דער־וויסן פֿון שטרייקברעכער, און ער אַלס אַ באָכער, ווי מען זאָגט, מיט ביינער, פֿלעגט אונז זייער צונוץ קומען, און ניט איין שטרייקברעכער האָט ער אַראָפּגענומען פֿון דער אַרבעט. אָפּטמאָל פֿלעגט ער אַריינגיין אַפֿילע אין וואַרשטאַט, וואו דער שטרייקברעכער האָט געאַרבעט, און פֿון דאָרט מיט רייד צי מיט קויאַך אַראָפּנעמען אים פֿון דער אַרבעט. מיר האָבן אויך געהאַט צו טאָן מיט אַזוינע, וואָס האָבן אונז ניט געלאָזט דורכפֿירן דעם „נאָרמאַלן" פֿאַר יענער צייט אַרבעטס־טאָג. וואָס איז גע־ווען איינגעשטעלט אין איינציקע וואַרשטאַטן צו 12 שעה, און ס'פֿלעגט זיך געפֿינען אַזוינע, וואָס פֿלעגן זיך רייסן גיין אַרבעטן אין די וואַר־שטאַטן, קריי צוקלאַפּן דאָרט דעם „נאָרמאַלן" אַרבעטס־טאָג.

און איינמאָל, ווען די פֿאַרוואַלטונג האָט ניט געלאָזט, איז מען אַוועק און געמאַסערט די מיטגלידער פֿון פֿאַרוואַלטונג אָדער די „ראַספּאַראַדי־טעלעס", ווי מען האָט דאָס דאַן אָנגערופֿן.

דערפֿון האָט זיך דערוואוסט לעקערט, און ווען מען האָט אונז אַף מאָרגן באַפֿרייט און אונז געזאָגט, ווער ס'האָט אַף אונז אָנגעוויזן, אַז מיר זיינען די שטרייק־אָנפֿירער, האָט ער באַשטימט, דאָס ער מוז זיך מיט זיי אָפּרעכענען. ס'האָט אונז געקאָסט אַ מאַסע געזונט אין מי, ביז וואַנען מיר האָבן אים דערפֿון אָפּגערעדט. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר אַף אים אַכטונג געגעבן, ער זאָל זיך ניט אַריינרייסן און זיי צושפּאַלטן די

קאַפּ מיט אַן אײַזערנעם גאָפּל, וואָס זײ האָבן פאַרדינט, לויט זײַן מײנונג.

.3

פאַר דער לעצטער צײַט איז ער געוואָרן צו מיר זײער צוגעבונדן און דאָ מאַכט זיך (דאָס איז שוין געווען אין 1900 יאָר), אַז מיך מיט נאָך 2 כאַווערטעס אַרעסטירט מען פאַר פאַרשפּרײטן פּראָקלאַמאַציעס. דאָס איז געווען אונטער דער שטאָט: שפּעט באַנאַכט האָט מען אונז דערװײל רײנגעפירט צום „אוריאַדניק”. אין שטאָט פאַרשפּרײט זיך אַ קלאַנג וועגן אונזער אַרעסט, און דערפון דערוואוסט זיך לעקערט. ער באַשטימט, אַז מע מוז אונז באַפרײען. עס קלײבן זיך צונויף אַ סאַך אַרבעטער, און צוליב זײ קאָן מען אונז ניט איבערפירן צום כאַנגאַווער פּריסטאַוו.

ס'ווערט באַשטימט אונז אָפּפירן אינדערפרי. לעקערט רוט ניט, ער װײל ניט פאַרשלאָפן די צײַט. ער באַשטימט, אַז איבער נאַכט זאָל מען דעם אוריאַדניק לאָזן צורו און זיך באַזאָרגן מיט מיטלען, ווי אונז צו באַפרײען. מע צערײַסט עטלעכע פּלויטן, מע קלײַבט אָן אַ היפּשע ביסל שטײנער, און פאַרטאָג, אַז מע פירט אונז אַרויס פון טויער, גיט ער אַ סיגנאַל, און פון אַלע געסלעך גיט מען זיך אַ וואָרף אויף די קאָזאַקעס מיט פּלעקער און שטײנער אין די הענט, און זײ מוזן אונז אָפּלאָזן.

עס זײַנען אָבער אויך געווען פון די אַרבעטער פּאַרוואונדעטע. צווישן די פּאַרוואונדעטע איז אויך געווען לעקערטס אַ נאָענטער כאַווער פון אײן שטאָט מיטן נאָמען כאָנע-פּיוזקע, וועלכן דער אוריאַדניק האָט דערלאַנגט מיט אַ שווערד איבערן קאָפּ און אים צעשפּאָלטן דעם מויאַך. דעם כאָנע פּיוזקע האָט מען געמוזט אָפּפירן אין אַ קלײן שטעטל צום היילן, ווײל אין שטאָט האָט מען אָנגעזאָגט אַלע דאָקטוירים, זײ זאָלן געבן צו וויסן דער פּאָליצײ, ווען מע וועט צו זײ ברענגען אַ פּאַרוואונדעטן מיט אַ געשפּאָלטענעם מויאַך. לעקערט נעמט אויף זיך די אַרבעט כאָנע פּיוזקען אָפּצופירן אין אַ קלײן שטעטל, און ער מיטן קראַנקן מוזן זיך איבער אין װײַבערשע זאַכן און פאָרט אָפּ אין אַ שטעטל. ס'איז אָבער געוואָרן דעם שטעטל פּאַרדעכטיק, און מע אַרעסטירט זײ. לעקערט אַנטלויפט פון דאָנאָיואַ. דעם קראַנקן ברענגט מען אין ווילנע און מע לײגט אים אָפּ אין־נער דער שמירע פון אַ פּאָליציאַנט אין שפּיטאָל. לעקערט נעמט אים אָבער פון דאָרט אויך אַרויס. ער ברענגט אים פרײַע-באַרים, דער כוילע טוט זיך איבער און אומבאַמערקטערהײט פאַרן שוימער פונם טויער גײט ער זיך דורך.

דאָס איז געווען זײַן ערשטע אָרגאַניזירטע אַרבעט, וועלכע ער האָט שוין געטאָן באַוואוסטזיניק, ווײל טרעפנדיק זיך מיט דער דער זאַרישער

רעגירונג פּאָנים על פּאָניב, אין אַן אָפּענעם קאַמף, האָט ער שוין קיין
אַנדערער ניט געקאָנט זיין און געמוזט וואַרפן זיך אין קאַמף. ער ווערט
סאָפּקאָלסאָף אַרעסטירט און ווערט אַרויסגעשיקט אין יעקאַטערינאָסלאַ־
ווער גובערניע. ער קאָן זיך דאָרט ניט איינהאַלטן, עס ציט אים אין
ווילנע צוריק. ער מוז גיין אָפּרעכענען זיך מיטן ווילנער גענעראַל־גובער־
נאַטאָר פאָן־וואַל. ער אַנטלויפט פון יעקאַטערינאָסלאַוו און קומט אין וויל־
נע אויספירן זיין פּלאַן.

---

ה. ב.

# הירש לעקערט פאַר זיין טויט.

(די יעדיעס, וועלכע איך ברייננ דאָ זיינען באַקומען געוואָרן פון די ערשטע קוועלן).

נאָך דעם אַטענטאַט אַף פאָן־וואַלן האָט מען לעקערטן געבראַכט אין אַנטאַקאָלער טפיסע. אַריינגעזעצט אין אַ באַזונדער קאַרצער. די אַרעס־טאַנטן, וועלכע האָבן אים גוט געקענט פון זיין פאַראַיאָריקן זיצן, האָבן געפונען אַ מעגלעכקייט מיט אים זיך דורכריידן.

— דו ווייסט, אַז דיר קאָן קומען דאָס שטריקל?—האָט אים אַן אַרעסטאַנט געפרעגט.

— וועל איך זיי האָבן דאַמאָלסט אין דער ערד,—האָט ער קורץ און שארף געענטפערט.

נאָכן מישפּעט איז ער געזעסן אין 14־טן נומער (ווילנער ציטאַדעל), אַז מע איז אים געקומען נעמען, האָט מען אים געזאָגט, אַז מע שיקט אים אַף קאַטאָרגע.

— איך ווייס, וואוהין מע פירט מיך און איך בין צוגעגרייט, האָט ער געענטפערט.

דער טויט־אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אַף דעם אויפן: אַפן מיליטער־פעלד האָט מען אויסגעשטעלט סאָלדאַטן אין אַ קאַרע מיט די פּענימער צו דער גאַס, אַזוי אַז זיי האָבן ניט געקענט זען, וואָס אינ־וויייניק טוט זיך. אים האָט מען צוגעפירט צום עשאַפאָט, און דער פּראָקי־ראָר האָט דורכגעלייענט דעם אורטייל.

דאַן האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט צו פאַרלאַנגט ער ניט קיין ראָוו.

לעקערט האָט געבעטן, מע זאָל אים ניט באַאומרואיקן לעפּאָכעס די לעצטע מינוטן.

באַם אויספירן דעם טויט־אורטייל האָט זיך געפונען דער ראַבינער נעמזער.

דער ראַבינער האָט אים געזאָגט, אַז אויב ער וועט אַרויסגעבן זיינע מיטהעלפער, וועט מען אים מויכל זיין, און דער טויט־אורטייל וועט פאַרביטן ווערן אַף קאַטאָרגע. לעקערט האָט געבעטן דעם ראַבינער אָפּ־

טרעטן פון אים. דער ראַבינער האָט נאָך אַמאָל איבערגעכאַיערט זיין פראַגע.

— אויב איר וועלט ניט האָבן גראָב אַנגעווידלט פון מיר באַר מיין טויט, איז גייט פון מיר גלייך אוועק.

דאָס זיינען געוועזן הירש לעקערטס לעצטע ווערטער.

# דער טויט פון הירש לעקערט.

דעם 28־טן מאי איז ערפילט געוואָרן דער טויט אורטייל איבער אונזער חבר הירש בן דוד לעקערט. דער מיליטער געריכט האט אים פארמשפט אויפהענגען.

דער געריכט, באַרשטייט זיך, האָט זיך געפירט אַן זייטיקע עדות און מיר קענען נאָך באַרלויפיק ניט געבן קיין גענויעם באַריכט וועגן אים. מיר האָבן זיין אין שטאַנד דאָס צו טאָן אין גיכן. מיר באַווייזן דערווייל נאָר געניע נאַבריכטן וועגן דער ערפילונג פון דעם אורטייל.

די תליה איז געוועזן איינגעריכטעט אַף האַיענע פּאָליע אין ווילנע, דער קאַט (הענקער) איז געוועזן אַרויסגערופן פון פעטערבורג. דערבּיי זיינען געוועזן פיר באַטאַליאָנען חיל, אַ דאָקטאָר, דער „קאַזיאָנער" רב א. נ. אייניגע פערזאָנען. קיין פּובּליקום איז ניט געוועזן. אַלץ איז פאָרגעקומען אין מיטן נאַכט, בגנבה, ווי דער שטייגער איז פון דער רעגירונג, ווען זי טוט אָפּ אירע באַזונדערס מיאוסע מעשים. די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט געפורכטעט מען זאָל זיך אין שטאָט ניט דערוויסן, און אין דעם אָוונט זיינען געוועזן די גאַסן פול מיט פּאָליציי, מען פלעגט אָפּשטעלן יעדן פאַרדעכטליכן, אום צו ערקונדיקן וואו ער גייט א. אַז. וו. דעם דאָקטאָר (יאַנאָווסקי) האָט דער וויצגובערנאַטאָר באַרופן צו זיך נאָך פון אָוונט און האָט אים ניט אָבגעלאָזן; דעם רב נעמוער האָט מען אויפגעוועקט פון שלאָף און געבראַכט צום אָרט.

דער פאַראורטיילטער האָט זיך געפירט ווי אַ אמת'ר העלד. ווען דער רב האָט גענומען אים דערווייזן, אַז ער דאַרף איצט מתפּלל זיין און זיך מתודה זיין אין זיינע פאַרברעכן, ווען ער האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט עובר געווען דעם געבאָט „לא תרצח"—ניט טויט—האָט אים לעקערט געענטפערט, אַז אין תפילות נויטיקט ער זיך ניט און וואָס עס איז שייך צו גאָטס־געבאָט „לא תרצח"—איז די רעגירונג אים עובר אָט איצט אין באַציאונג צו אים. ער האָט מער ניט געוואָלט הערן די צבועסדיקע רייד פון גאָטס־פאַרטרעטער און איז אַליין אַרויף אַפן עשאַפאָט און אַליין אַנגעטאָן אַף זיך די תליה. דער קאַט האָט צוגענומען פון אונטער זיינע

פיס דעם ביינקל און האָט אים אויסגעצויגן און... אין א פּאָר מינוט איז ער שוין געווען טויט. מ'האָט אים באַגראָבן דאָ גופא אויפן אָרט. דעם קבר פאַרשאָטן און איבערגעלאָזן איבער אים די גאַנצע מיליטער, וועלכע איז געווען אויפן פּלאַץ. די סאָלדאַטן האָבן איינגעטראָטן מיט די פיס דעם נייעם קבר, פאַרגלייכט אים מיט דער ערד, אום עס זאָל אוממעגליך זיין צו דערקענען וואו עס רוט אונזער חבר. די רעגירונג האָט מורא פאַר אירע פיינט ווען זיי לעבן, זי הערט ניט אוף זיך צו שרעקן פאַר זיי נאָך זייער טויט. זי האָט רעכט: „פון אונזערע געפאַלענע ביינער וועט זיך א גרויזאַמער ראַכענעמער אויפהויבן..."

ערע די געפאַלענע אָפּפער פון רוסישן צאַריזם! ערע דעם נייעם קרבן, וועלכע דאָס אידישע פּראָלעטאַריאַט האָט געבראַכט אין קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג! ערע אונזער חבר הירש לעקערט!

---

י. א כאַיטאָוויטש

# דאָס, וואָס איך ווייס וועגן הירש לעקערט.

האַגאַם איך האָב אין דער ווילנער בונדישער באַוועגונג גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל פון 1901־טן יאָר, און קיין „בויעוויק" (מיטגליד פון שלאַכט אָפּטייל) אין ווילנע איז ניט געגאַנגען אַף „א שטיקל אַרבעט", וואו „כאַיעם פון בוינע" (אַזוי איז דאַן געווען מיין קאָנספּיראַטיווער נאָ־מען) וועט דערפון ניט וויסן. ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס אַלע באַקאַנטע „בויעוויקעס" האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז איך האָב הירשקען געקענט, און ער האָט מיר אַפילע געהאָלפן דורכפירן „א שטיקל אַרבעט",—דאָך קען איך זיך ביז היינט ניט דערמאָנען, ווער איז געווען לעקערט. די אור־זאַך איז ווייל מיר האָבן זיך איינער דעם צווייטן ניט אָנגערופן מיט נע־מען, און קיין פאַמיליע־נעמען באַזונדערס ניט. די „בויעוויקעס" אין מיין צייט האָב איך אָרגאַניזירט אין צענטלעך, יעדער צענטל האָט געהאַט זיין „רוקאָוואָדיטעל" (אָנפירער), און די „רוקאָוואָדיטעליעס" האָב איך גע־וואוסט אונטער די נעמען דער קיעווער, דער לאָדזער, דער אָדעסער, דער ביאַליסטאָקער אין א. א. וו. אָדער געמזעלע, ציפערס אין ד. ג. און דער־

פאַר וויים איך ניט קיין פּראַטים צו שרייבן פון לעקערטס לעבן. נאָר צו־פעליק האָב איך די מעגלעכקייט צוגעבן אייניקע פּראָטים וועגן לעקערטס געשיכטע.

אַלע, וועלכע זיינען געווען אין ווילנע אין יענער צייט, ווען לעקערט האָט געשאָסן אין פאָן־וואַלן געדענקען גוט,אַז לעקערט האָט געשאָסן אין וואַלן נאָר צוויי מאָל, און אַ דריטן שאָס האָט זיך געהערט נאָכהער פון פּובליק. אַזוי איז אויך געווען געשריבן אין „ווילענסקי וויעסטניק" אין „סיעווראַ־זאַפּאַדנאַ סלאָוואָ". נאָר ווער אין צו וועלכן ציל עס האָט גע־געבן דעם דריטן שאָס, ווייס קיינער ביז היינטיקן טאָג. איך רעכן, אַז יעצט קאָן מען שוין פאַרעפנטלעכן די נעמען פון די איבעריקע באַוויירים, וועלכע זיינען געווען אַף דער „שטיקל אַרבעט".

און ווייל איך ווייס זיי ניט מיט די פאַמיליעס, וועל איך זיי אָנ־רופן מיט די נעמען, מיט וועלכע זיי זיינען געווען באַוואוסט „דער באַוועגונג".

1) זאַלמען דער האָלץ־פּריקאַזטשיק.

2) אַ שליאָסער (וואָס איך רעכן, אַז דאָס איז „פּייווקע דער שליאָ־סער")

זאַלמען דער האָלץ פּריקאַזטשיק איז געווען אַ געוויסע צייט דער אָנפירער, דער („רוקאָוואָדיטעל"), פון די וואַלד־אָנגעשטעלטע, זעמסער, שינדער, „קישאַצניקעס" און וואורישט מאַכער. פאַר לעקערטס טאַט האָט ער מיר איבערגעגעבן די וואַלד־אָנגעשטעלטע שינדער, קישאַצניקעס און וואורשט־מאַכער, און אַליין זיך אָפּגעגעבן אַף אָרגאַניזירן די פּוצמאַ־כערינס. אַבוץ די אַלגעמיינע אָנגעשטעלטע האָט ער געהאַט אַ באַקאַנט־שאַפט מיט די סמאַרגאָנער פעל־אַרבעטער. דאָס איז אינגאַנצן, וואָס איך ווייס פון זיין אַמאָליקע טעטיקייט און זיין באַקאַנטשאַפט.

וואָס באַלאַנגט „פּייווקע דעם שליאָסער", האָב איך זיך מיט אים אינגאַנצן געטראָפן איינמאָל אַף אַ „סכאָדקע" וואו ער איז געווען מיט וועלפקע דעם מאַליער, וועלכער האָט געטראָגן די בונדישע פאָן אין דער באַוואוסטער דעמאָנסטראַציע פון 1902־טן יאָר. דעם איינדרוק האָט ער דאָן אַף מיר געמאַכט פון אַן ערנסטן דרייסטן קעמפער, אַ גוטן רעדנער און אַ באַוואוסטזיניקן אַרבעטער.

וועגן שיסן פאָן־וואַלן אָדער אַזוי הערמען פון די, וועלכע האָבן גע־נומען אָנטייל אין דער באַוואוסטער עקזעקוציע פון 1902־טן יאָר איז צווישן די „בויעוויקעס" קיין רייד ניט געווען. אויב מע האָט יאָ וואָס געפּלאַנירט, איז געווען נאָר וועגן פאַרנאַרן ערגעץ דעם „דאָקטאָר מי־כאילאָוו" און אים געבן שמיץ, און איינער זאָל אים האַלטן באַם פּיס

און שרייען, אז „מע קען געבן נאָך" ד. ה. אַז מע זאָל מיט אים טאָן אָט דאָס, וואָס ער האָט געטאָן מיט אונזערע. נאָר וויל אין שטאָט איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז מע האָט דאָס שוין געטאָן, האָט זיך דער פּלאַן ניט איינגעגעבן.

אין איינציקע טעג אַרום איז אַרויס די פּראָקלאָמאַציע פון „בונד" אין וועלכער ס'איז געשריבן געוועז, אַז דער פאָלקס־צאָרן וועט טרעפן „וואַלן" און זיינע העלפער נאַזימאָוו (פּאָליצמייסטער) שניטקא (פּריסטאַוו פון 1־טן באַצירק) דעם פּריסטאַוו פונם 5־טן באַצירק, סאָקאָלאָווסקי (אָקאָלאָטעשנע) צוויי גאָרדאָוויעס, און דעם דאָקטאָר מיכאַילאָוו. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ באַוועגונג צווישן אַלע „בויעוויקעס", וועלכע האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ רוף צו „ראַכע" דורך „טעראָר". אינגיכן איז אָבער אַרויס אַ קלאַנג, אַז ניט אַלע, וועלכע די פּראָקלאַמאַציע רופט אָן, דאַרפן באַשטראָפט ווערן. איבערהויפּט האָט מען גערעדט וועגן נאַזימאָוון, וועגן וועלכן ס'איז געגאַנגען אַ קלאַנג, אַז ווען מע פלעגט ווע‍מען שמייסן פלעגט ער זיך אָפּקערן, און ווי אַנדערע האָבן דערציילט, האָט ער אַפילע געוויינט. דערום איז אַוועק אַ קלאַנג אַז נאַזימאָוון האָט מען אָנגערופן אין פּראָקלאַמאַציע נאָר קדיי ס'זאָל ניט זיין פאַרדעכטיק פאַר „וואַלן", פון וואָס נאַזימאָוו קאָן ליידן. איז געבליבן, אַז מע זאָל וואַרטן אַף די־רעקטיוון פון ק. דעם ענטפער האָט געגעבן הירש לעקערט. „געאַרבעט" האָט מען נאָך דעם פאָלגנדן פּלאַן:

דער צירק, וואו מע האָט וואַלן געשאָסן, געפינט זיך אַף לוקישקי. הינטערן צירק געפינט זיך אַ גרויסער מאַרק־פּלאַץ, וועלכער פאַרנעמט אַ שעטאַך אומגעפער 1/4 וויאָרסט און קומט אַרויס צו שניפּישאַק. שיסן האָט געדאַרפט לעקערט, און נאָכן שיסן לויפן אַפן פינסטערן מאַרק־פּלאַץ. נאָר ווען די פּובליק און פּאָליציי וועט אים נאָכיאָגן אין דער פינסטער און וועלן שוין זיין אומגעפער אין מיטן מאַרק־פּלאַץ, דאַרף פּייוויקע אויסשיסן הינטער זיי. דאָס וועט זיי ברענגען אַפן געדאַנק, אַז דער, וואָס האָט געשאָסן, איז הינטער זיי, וועלן זיי זיך אומקערן, און לעקערט וועט דאַן אַוועקוואַרפנדיק דאָס געווער, זיך קאָנען אומקערן און, ווי אַ געוויינטלעכער צושויער זיך אויסמישן אין פּובליק. דאָס איז פּינקטלעך אויסגעפירט געוואָרן, און ס'האָט זיך קימאַט איינגעגעבן. נאָר זייענדיק אַ ביסל באַ אַ שנאַפּס, וועלכע ער האָט גענומען פאַרן „שטיקל אַרבעט" אָן אויפגערעגטער, אַן אומלעגאַלער און שטאַרק קענטיק באַ דער פּאָליציי, האָט ער אַף זיך צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט געפונען צייכנס פון שיסן באַ אים אַף די הענט, און וואָס ער האָט באַלד מוידע געוועזן.

פיוקע דער שליאסער איז נאך די זעלבע יאך אפגעפארן אין אמעריקע. זאלמען האט אבער נים געהאט די מעגלעכקייט אפצופארן.

נאך אינגיכן האט ער באמערקט, אז מע שפירט אים נאך, און ער איז אפגעפארן אין לאנדאן. צוריק איז ער געקומען פון לאנדאן, אויב איך האב ניין מאעס נים, אין 1904־טן יאר. געזאגט האט ער, אז ער איז אן אנארכיסט. ער איז אינגיכן געשטארבן אין ווילנער מישוגאאים־הויז.

***

דער ראבינער נעמוער האט דערציילט, אז מע האט לעקערטן גע־דארפט הענגען, האט ער זיך געהאלטן ווייטער האוועדיק, און אז ער האט אים פארגעלייגט זאגן ווידוי, האט ער זיך פון אים אפגעקערט און אים געזאגט: „גייט פראייען אנדערע וואו די קאמעדיע!”

***

אין 1906־טן יאר האט מיר דערציילט לעקערטס א פעטער, א מע־כאנישער שוסטער פון שטאקלינסקעס ווארשטאט אין ווילנע:

דעם טאג פאר לעקערטס טויט האט מען אריינגעלאזט צו אים אין 14־טן נומער די קרובים. מע האט געפינען, אז לעקערט צייכנט מיט א קויל אף דער דיל א טליע. „דאס,—האט ער געזאגט—איז מיין סאף. מיר פארדריסט נאר איין זאך, וואס איך לאז איבער אזא פיינע וועלט, און פרעגט וואס האב איך געהאט פון איר, און פאר וועמען בלייבט זי איבער?!” און האט זיך שטארק צעוויינט.

---

## II. לעקערטס עפּאָכע

שיינע גרינשטיין (שיינע די קאָנוועקטן־מאַכערין *)

# די ווילנער געשעענישן פון לעקערטס צייטן.

(ערינערונגען.)

איך געדענק זייער גוט די דאָזיקע זיצונג פון דער אינסטינציע (צווישן „צענטר" און „קאָמיטעט"), וואו ס'איז געווען באַטראַכט די פראַגע וועגן דעם, ווי צו פייערן דעם 1־טן מאי, וועלכער האָט זיך געענדיקט מיט דער גרויזאַמער עקזעקוציע. עס איז ניט געווען קיין איינשטימיקייט.

די אָרגאַניזאַציע איז געווען דאַמאָלס שוין גענוג גרויס. דורך די עקאָנאָמישע קאַסעס האָבן מיר געהאַט אַרום זיך קימאַט די גאַנצע אַרבעטער־מאַסע. פּאָליטיש זיינען געווען אָרגאַניזירט העכער 500 מאַן. דעם 31 דעקאַבר 1901 האָבן מיר געפייערט דעם יובילעאום פון נומ. 25 „אַרב. שט.". עס זיינען געווען 10 פאַרזאַמלונגען צו 50 מאַן יעדע. (איינע פון זיי איז דורכגעפאַלן).

עס איז געווען באַשטימט אַ נייער גובערנאַטאָר פאָן־וואַל. עס זיינען געווען אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע טאַקאָנעס. די שמירע איז געווען פאַרשטאַרקט. עס איז געווען קלאָר, אַז די מאַי־דעמאָנסטראַציע פון 1902 וועט קאָסטן פיל קאָרבאָנעס.

---

*) כ-טע שיינע איז געווען אַ מיטגליד פון איינער פון די העכערע ווילנער פאַרטיי-אינסטאַנצן אין דער צייט פון דער ווילנער עקזעקוציע און פון לעקערטס אַטענטאַט.

געבאָרן אין 1878 יאָר, קומט זי אָן 12 יאָר אַלט אַף אַ שוועבל-פאַבריק פון הירשמאַן און כאלאָמאָנאָוו־ אין באָריסאָוו, אין פּאַק-אָפּטיילונג. דאָס איז געווען אין 1890 ווען די פאַבריק איז ערשט געווען געגרינדעט. די פאַבריקאַנטן האָבן צוגעזאָגט גאַנצע גליקן: 8 רובל אַ מאָנאַט געהאַלט. פיל מיידלאַך האָבן געוואָרפן די אַרבעט אין די וואַרשטאַטן און זיינען געלאָפן אין פאַבריק. ביסלעכווייז האָט אָבער די אַדמיניסטראַציע, באַנוצנדיק זיך מיט שטיק-אַרבעט, פאַרקלענערנדיק די פרייזן, געבראַכט צו אַ אונטערטרעגלעכער לאַגע. מע האָט געאַרבעט פון 6 פרי ביז 10 אינאָוונט.

דאָרט מעכויעוו צו שטיצן דעם באַשלוס און דערביי האַלטן זיך אַזוי, אַז די מיטגלידער פון „צענטר" זאָלן זיך ניט אָנשטויסן, אַז די פראַגע איז שוין פאָראויס געווען באַטראַכט.

וועגן דער ווייטערדיקער באַטראַכטונג פון דער פראַגע אין „צענטר" און אין די „סכאָדקעס" געדענק איך גאָר ניט—אַלנפאַלס דער באַשלוס איז געבליבן גילטיק,—מע האָט זיך געגרייט צו דער דעמאָנסטראַציע.

ערעוו דעם 1־טן מאַי בין איך געפאָרן קיין סמאַרגאָן איבערגעגעבן אַהין די מאַי־אויפרופן. איך געדענק, אַז איך האָב שטאַרק פאַרשפּעטיקט, דער וואַגזאַל האָט זיך אַף מיר שטאַרק געבייזערט, וואָס איך בין געקומען צום דריטן קלונג. ער האָט מיר געהאָלפן זעצן זיך אין צוג, וואָס האָט זיך שוין גערירט פון אָרט און מיר אָפּגעגעבן אין האַנט דאָס קוישל מיט די מאַי־אויפרופן.

מיר וועלן לאָזן אָן אַ זייט די פּראָטים. דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס 6 אינדערפרי, דעם 1־טן מאַי איז שוין אין אַלע פאַבריקן און וואַרשטאַטן פונם גאַרבער־שטעטל געווען דאָס מאַי־בלעטל,—מיר אַליין איז אויך אויסגעקומען דירעקט אָנטיילצונעמען אין דעם לעבעדיקן און פריילעכן שטיקל אַרבעט.

צוריק אין ווילנע בין איך געקומען שפּעט אין אָוונט. גלייך פון באַן בין איך געגאַנגען אַף דייטשישער גאַס און אָנגעקומען אַהין נאָך אַלעמען: עס איז שוין געגאַנגען דער געשלעג. צו מיר איז צוגעגאַנגען אַן אַרבעטער און אַוועקגעשלעפּט מיך פון גאַס אין אַ טויער:

— פאַר אייך איז דאָ איצט קיין פּלאַץ ניטאָ, גייט אַהיים.

די דעמאָנסטראַציע האָט זיך איינגעגעבן—דאָס איז געווען אַלעמענס איינדרוק. די געשלעגן, די אַרעסטן—מיר האָבן דאָס דערוואַרט, און דער איז נאָך גאָרניט געווען איבערראַשנדעס.

איך בין געווען אין אָוונט בײַ מיינע עלטערן, דער טאַטע איז געווען צופרידן, וואָס איך בין ניט אַרעסטירט, נאָר געזאָגט:

— אַ שאָד, וואָס מע האָט אייך דיך ניט אַרעסטירט. ווען מע וואָלט אייך אַלעמען דאָרטן אָפּשמייסן, וואָלט איר וויסן, ווי אַ צווייטן מאָל ניט צו קריכן.

שמיץ—דאָס איז געווען ניט באַזונדערס איינגענע אָריגינעלע ערפינדונג. דאָס אידישע קליינבירגערטום האָט אייך דערפון געהאַלטן.

*
**

אינדערפרי האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין פּאָליציי־הויף האָט מען געבראַכט אַ וואָגן ריטער און אַז מע וועט די דעמאָנסטראַנטן שמייסן. באַטאָג איז צו אונז אין דירע געקומען איינער פון די נעכטיקע אַרעסטירטע און האָט דאָס דערציילט ווי אַ פאַקט. מיר האָבן אים ניט

מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט, ווען דאָס וועט געשען — ס'איז אָבער דורכגעגאַנגען גאַנצע 3 וואָכן און ערשט דעם 5 מאַי לויטן אַלטן סטיל האָט לעקערט געשאָסן אין פאָן־וואַלן.

דער איינדרוק פונם אַטענטאַט איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. דער קליינבירגער האָט געמוזט אָנערקענען:

— מיט די אַרבעטער דאַרף מען קיין קאַטאָוועס ניט טרייבן.

די אַרבעטער גופא זיינען געווען אויסער זיך, וואָס דער אַטענטאַט האָט זיך ניט איינגעגעבן, נאָר די שטימונג האָט זיך אויפגעהויבן. קיין ווירקלעך טעראָריסטישע געדאַנקען האָבן זיך ניט דערוועקט.

איך האָב פערזענלעך לעקערטן ניט געקענט. איך האָב זיך ערשט שפּעטער דערוואוסט, אַז ער איז געווען אַ שוסטער, ווייער אַן אָרענטלעכער אַרבעטער, עמעס אַ ווייניק באַוואוסטזיניקער, אָבער מיט אַ גרויסן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט. ער האָט אינגאַנצן ניט געקאָנט ניט לעזן, ניט שרייבן.

געהאַלטן האָט ער זיך ווי אַן עמעסער העלד. מע האָט אים געסטראַשעט, אַז עס וועלן פאָרגענומען ווערן פייניקונגען, אויב ער וועט ניט אַרויסגעבן די איבעריקע אָנטיילנעמער, מע האָט געפּרואווט מיט גוטן און צוגעזאָגט צו באַפרייען אים אינגאַנצן, אויב ער וועט אַרויסגעבן — עס האָט גאָר ניט געהאָלפן. ער האָט קיינעם ניט אַרויסגעגעבן.

דער מישפּעט איז געווען אַ ריינע קאָמעדיע, געדויערט אַ פּאָר שעה און געבראַכט דעם פאַרטיקן פּסאַקדין — הענגען.

שפּעטער האָבן מיר צוזאַמען אַרויסגעפּראַוועט קיין אַמעריקע זיין פרוי און קינד. צונויפגעקליבן געלט, געקויפט אַ שיפס־קאַרטע, באַגלייט צום באַן. די פרוי זיינע איז געווען אַן איינפאַכע יונגע אידישע פרוי. פון די אַלע געשעענישן איז זי געווען זייער נידערגעשלאָגן.

וואָס איז איצט מיט זיין קינד?

צי האָבן זיך פאַרווירקלעכט די ווערטער פון דער ליד, וואָס איז געפּאַסט געווען אַלס זייבער פונם העלדישן אַקט פונם פּאַשעטן אידישן אַרבעטער־רעוואָלוציאָנער?

ה. באַטווינניק

# די ווילנער מאַי־דעמאָנסטראַציע אין 1902 יאָר

(אידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ווילנע פאַרן פּעריאָד פון 1961—2 יאָרן).

(זיכרוינעס).

די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן די ווילנער אידישע ארבעטער אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז שוין געווען אַ מאַסן־באַוועגונג אין פולן זין פון וואָרט. דאָ האָט די צאַרישע רעגירונג נאָך מיוו'ע געהאַט אָנצואווענדן די „זובאַטאָוו־פּאָליטיק", ווי אין מינסק.

דער זעלבער זובאַטאָוו, וועלכער האָט אין מינסק געשמייכלט צו די אידישע ארבעטער און דורך זיינע אַגענטן געשאַפן אַפילו אַ פּאַר־טיי, וועלכע זאָל זיין קעגן פּאָליטיק, די אַזוי גערופענע „אומאָפּהענגי־קע"—דער זעלבער זובאַטאָוו, וואָס האָט פאַר מינסק געהאַט אַ מאַסקע פון אַן ארבעטער־פריינט—האָט פאַר ווילנע געוויזן זיין עמעסן פּאָניִם: זיינע שפּיאָנען פלעגן אַרומיאָגן זיך איבער די ווילנער גאַסן, ווי די יאַגד־הינט: אייַנגעשמעקט, ארעסטירט און אַוועקגעשיקט קיין מאָסקווע אָפּן פאַרהער און פון דאָרטן איז שוין געווען אַ גלייכער וועג קיין סיביר.

נאָר ניט קוקנדיק אויף די טאָגטעגלעכע איינצלנע ארעסטן און אויף די אָפטע מאַסן־ארעסטן, איז דאָך די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין ווילנע געוואַקסן פון טאָג אין טאָג און זי האָט וואָס ווייטער אַלץ מער ארומגעכאַפּט ברייטערע מאַסן.

אין גאַנצן באַזונדערע באַדינגונגען האָט געלעבט און געקעמפט צו יענער צייט דער אידישער פּראָלעטאַריאַט. זייענדיק צעשפּליטערט איבער די קליינע וואַרשטאַטלעך, האָט ער פון אָנהויב אָן געמוזט זיך שאַפן אַ שטרענגע דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציע. סטיכישע מאַסן־ארויסטרעטונגען זיינען דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט קימאַט ניט געווען באַוואוסט. יעדער ארויסטרעטונג, יעדער פּראָטעסט, יעדער דעמאָנסטראַציע איז שטענדיק פון פריער אָרגאַניזירט און אויסגעאַרבעט געווען.

עמעס, עס זיינען געווען אויסנאַמס־פאַלן. לעמאָשל, דער אָנפאַל אַפן פּאָליציי־צירקל אין דאָס באַפרייען די ארעסטירטע אין 1900 יאָר אין ווילנע אַף נאָווגאָראָדער גאַס. נאָר אַזעלכע אויסנאַמס־פאַלן זיינען זייער זעלטן. ביכלאַל אָבער זיינען די מאַסן־אַרויסטרעטונגען געווען פּאָראויס אָרגאַניזירט.

קדיי אָנצופירן מיט אַ צעשפּליטערטער מאַסע, האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער אַפּאַראַט. אין יעדער פאַך איז געווען אַ „סכאָדקע" (אַ מין פאַרוואַלטונג), אין איניקע געווילטע, אין אַנדערע אַ באַשטימטע פון אויבן. פאַר יעדער „סכאָדקע" איז געווען באַשטימט דורך דעם קאָמיטעט אַן אַגיטאַטאָר, אָדער אָנפירער מיט דער סכאָדקע. די אָנפירער האָבן געקענט זיין פון זעלבן פאַך, פון אַן אַנדער פאַך אָדער פון די אַזויגערופענע אינטעליגענטן. (לערניוגנט, „עקסטערנעס", וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צו דער אַרב. באַוועגונג). די אַלע אַגיטאַטאָרן—פאָרשטייער פון די „סכאָדקעס", פלעגן בילדן מיט זיך אַ „צענטראַלע סכאָדקע", אָדער פּאָשעט „אַ צענטראַלע". אַף דער זיצונג פון דער צענטראַלער סכאָדקע פלעגט בייזיין דער „אָפיציעלער" פאָרשטייער פון קאָמיטעט. דער קאָמיטעט פלעגט אַפילע געווילט ווערן אַף דער דאָזיקער צענטראַלער. די וואַלן פלעגן זיין געהיימע דורך צעטלאַך און וועגן די רעזולטאַטן פון די וואַלן האָט קיינער אויסער דעם „אָפיציעלן"—ניט געוואוסט.

די „פאַך־סכאָדקע" פלעגט באַטראַכטן אַלערליי פראַגן, וועלכע האָבן געהאַט אַ שאַיכעס נאָר צו דעם געגעבענעם צעך: סאַי עקאָנאָמישע שטרייקן, הילף פאַר כאַווירים און אַנד., סאַי טעכניש־פּאָליטישע ווי אַזוי צו צעטיילן די מאַסע אין די קרייזלעך, וועגן טיילן אומלעגאַלע און לעגאַלע ליטעראַטור א. א וו. אַף דער „צענטראַלער" פלעגן זיך שוין באַטראַכטן פראַגן פון אַלגעמיינער באַדייטונג,—סאַי פּראַקטישע, ווי אָנצופירן מיט דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, סאַי „טעאָרעטישע", ד.ה. פּאָליטישע, אָדער אַרום די פּאָליטישע געשעענישן אין לאַנד, צי אין דער וועלט.

די אַגיטאַציע צווישן די מאַסן האָט זיך געפירט אין קליינע קרייזלעך. די קרייזלעך פלעגן פאָרקומען איבערהויפּט שאַבעס, זייער זעלטן אין מיטן וואָך.

די סכאָדקע פלעגט איינטיילן די מאַסע אין קרייזלעך לויט דער שטופּע פון זייער באַוואוסטזיניקייט. יעדער מיטגליד פון סכאָדקע פלעגט נעמען אַף זיך אַ צאָל קרייזלעך, פאַר וועלכע ער פלעגט דאַרפן אָפּזוכן דירעס וואו צו פאַרנעמען זיך און אָנזאָגן יעדן באַזונדער דאָס אָרט.

מיט אַנדערע פּאַר די דאָזיקע קרייזלעך פּלעגט באַזאָרגן דער פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזאַציע.

זייער אַ גרויסע ראָלע האָט געשפּילט די „בירזשע"—די באַשטימטע גאַס אין אָרט, וואו די אַרבעטער מאַסע פּלעגט דאַרפן קומען נאָך דער אַרבעט.

אויף דער בירזשע פּלעגן די פאָרשטייער פון דער סבאָדקע זעען זיך מיט זייער „מאַסע", וועלכע איז געווען צעוואָרפן איבער דער גאַנצער שטאָט. דאָרטן פּלעגט ווערן באַשטימט די צייט און אָרט פון קרייזל צע־טיילט ווערן ליטעראַטור, אייפגעמאָנט ווערן אָפּצאָל א. א. וו. די בירזשע דאָס איז געווען די אייגנאַרטיקע שול, וואו די צעשפּליטערטע אידישע אַרבעטער־מאַסע האָט באַקומען איר קאָלעקטיווע דערציאונג, איר גע־וואוינטשאַפט צום מאַסן־לעבן, איר געוואוינטשאַפט צו מאַסן־אַרויסטרע־טונגען, איר געוואוינטשאַפט צום מאַסן־קאַמף.

אַ גרויסע ראָלע אין דעם זין האָבן אויך געשפּילט די מאַסן־פאַר־זאַמלונגען (מאַסאָווקעס). ווינטער אין די ענגע דירעס פון די פאָרשטעט אין אָרימע געסלעך, זומער אין פרייען וואַלד.

זומער. שאַבעס נאָך מיטאָג. ס'ברענט די זון. די היץ איז אומדער־טרעגלעך, נאָר דער אַרבעטער־אוילאָם וועט ניט בלייבן זיצן אין דער היים. נאָך פון נעכטן האָט מען אָנגעזאָגט אויף דער „בירזשע" וועגן דער „מאַסאָווקע", וואָס דאַרף פאָרקומען אין דעם „שטיבלעך־וואַלד". עס ציען זיך דורך די ווילנער גאַסן צו זאַרעטשיע די ווילנער אַרבעטער. יעדער איינער—דורך אַ באַזונדער וועג. יעדער אַרבעטער ווייס דעם וועג, וואָס ער דאַרף גיין. ער ווייס אויך געניי, ווען ער דאַרף אָפּן וועג באַגעגענען. ער האָט גוט איינגעכאַזערט דעם סימען, וואָס יענער דאַרף אים ווייזן, כדיי ער זאָל ריכטיק טרעפן דאָס אָרט פון דער פאַרזאַמלונג. און מע גייט רואיק, ערנסט, ניט ווי אַ זומער־שפּאַציר אין וואַלד. יעדערער פון זיי ווייס די ערנסטקייט פון מאָמענט, פילט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און ווייס, ווי פאָרזיכטיק צו זיין...

דורך באַזונדערע ווענעלעך און שטעגעלעך קומען זיי זיך צונויף טיף אין וואַלד צו איין גרין באַוואַקסענעם פּלאַץ. זיי זיינען רואיק און זיכער, אַז פּלוצלונג וועט מען זיי ניט איבערפאַלן—איבערן גאַנצן וואַלד זיינען צעשטעלט טרייע שאָמרים, די איבערגעגעבנסטע כאַוויירים.

אַ רעדנער שטייט שוין אויף אַ שטאַם פון אַן אָפּגעהאַקטן בוים. ער שטייט און רעדט וועגן דער פרייהייט, פאַר וועלכער מיר קעמפן, איבער דער אָרדענונג, וועלכע ס'וועט אַמאָל קומען. ער דערמאָנט נעמען: מאַרקס, ענגעלס און אַנדערע נעמען פון אַרבעטער־פריינט, פון אַרבעטער קעמפער. ער רעדט פון טיראַנען, וועלכע דריקן און שטיקן, ער רעדט וועגן קאַמף,

וואָס דער אַרבעטער קלאַס דאַרף פירן. ער רעדט וועגן די אידישע אַרבע־טער און זייער׳ע אויפגאַבן—ער רעדט וועגן „בונד״. ער וועקט ליבע צו די אונטערדריקטע און האַס צו די אונטערדריקער.

געענדיקט די פאַרזאַמלונג. דער אוילאַם צעגייט זיך. מע דאַרף שוין ניט די פריערדיקע פאָרזיכטיקייט—ס׳איז שוין נאָך דער פאַרזאַמ־לונג. דער וואַלד הילכט פון יונגע שטימען:

„ברידער און שוועסטער, נעמט זיך פאַר די הענט,
„און שווערט אַט דאָ, ווי דער פלאַקער ברענט.
„די קייטן פון קנעכטשאַפט וועלן מיר צערייסן...

און ס׳פלעגט זיך פילן דאַמאָלסט, אַז די ליד איז ניט נאָר בלויז ווערטער, אַז די דאָזיקע קלאַנגען זיינען אַן אַזהאָרע דער בורזשואַזער וועלט, אַז איר צייט שלאָגט שוין באַלד...

.2

שווער איז געווען דאָס לעבן פון אידישן אַרבעטער צו יענער צייט. קיין לאָנדאָנער שוויץ־סיסטעם איז נאָך ניט דערגאַנגען צו אַזאַ מוירע־דיקער עקספּלאָאַטאַציע. מיר וועלן נעמען אַלס ביישפּיל אייניקע פּראָ־פעסיעס: בעקער פלעגן אַרבעטן דורך טאָג און דורך נאַכט און קיינע מישמיירעס („סמענעס״) — אָפּרוען, נאָר ווען ס׳הייצט זיך דער אויוון. אָנגעשטעלטע פלעגן מוזן קומען שאַבייסצענאַכט אין קראָם אריין. דער אַרבעטס־טאָג זייערער איז געווען אומבאַשטימט. שוסטער, שניידער האָבן שוין צו יענער צייט געאַרבעט 12 שאָ אין טאָג. די סכירעס איז געווען קליינע. אַ באָכער פלעגט זיך ווי עס איז דורכלעבן. אַ באַווייבטער פלעגט מוזן אָנקומען צו צדאָקע־אַנשטאַלטן, סאַי פאַר אַ יאָמטעוו, סאַי ווען עמי־צער פלעגט באַ אים קראַנק ווערן.

דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דעריבער געווען אַ האַרטנעקיקער פון ביידע צדאָדים. ווי נאָר אַ שטרייק—פלעגן די באַלעבאַטים לויפן אין פּאָליציי, אָפּזוכן גלייך שטרייקברעכער. די אַרבעטער פלעגן אָנגעמען טעראָריסטישע מיטלען. און ניט קיקנדיק אַף אַלע רעזאָלוציעס איז דער עקאָנאָמישער טעראָר געווען זייער פאַרשפּרייט.

די פּאָליציי און די זשאַנדאַרמעריע האָבן זייער פאַרפאָלגט די עקאָ־נאָמישע שטרייקן. אַ מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקער שטרייק איז קיינמאָל ניט דורך אָן אַרעסטן, און דעריבער האָט דער קלענסטער שטרייק אפילו געטראָגן אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. פאַר שטרייקן פלעגט מען אַרעסטירן, פאַר שטרייקן פלעגט מען שיקן אין סיביר, ווי פאַר אַן ערנסטן פּאָליטישן אַקט...

דערפאַר זיינען די אַרבעטער־מאַסן אַזוי ענג פאַרבונדן געווען איי־

נער מיטן צווייטן. דערפאַר האָט זיך געשאַפן די וואונדערלעכע דיסציפּ־לינירטקייט און די מוירעדיקע קאָנספּיראַציע. די רעדיפּעס און פּאַרפּאָל־גונגען זיינען געווען די בעסטע לערער.

נאָר ניט אַלץ איז געגאַנגען אַזוי רואיק אין דער אָרגאַניזאַציע גופא. עס זיינען שוין דאַמאָלסט געווען מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן די באַוואוסטזיניקע אַרבעטער בענוגייע דער טאַקטיק פון קאַמף און די מיטלען פון אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע.

עס זיינען געווען צוויי סאָרטן אָפּאָזיציעס: אַן אויסנווייניקסטע, ד. ה. אַזעלכע כאַוויירים, וואָס צוליב זייערע באַזונדערע מיינונגען זיינען זיי אין דער אָרגאַניזאַציע ניט אַריין און האָבן מיט איר געפירט אַ קאַמף פון אויסנווייניק. ס'זיינען אָבער געווען אָפּאָזיציאָנערן אינעווייניק, דאָס ראָון זיינען דאָס געווען יונגע, וועלכע האָבן זיך געריסן אין קאַמף און זיי האָט זיך געדוכט, אַז די עלטערע כאַוויירים גייען צו שטיל און פאַר־האַלטן זיך צו לאַנג אַף די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס.

די אויסנווייניקסטע אָפּאָזיציע—דאָס זיינען געווען כאַוויירים אי־בערגעבליבענע פון די אַמאָליקע „קרייזלעך”, וועלכע האָבן זייער געהאַלטן פון אַ קרייזל־באַוועגונג, וואו די הויפּאויפמערקזאַמקייט ווערט געלייגט אויסשליסלעך אַף דער אינדיווידועלער אַנטוויקלונג פון די כאַוויירים, און זיינען מיט אַלע זייערע קויכעס געווען קעגן דער מאַסן־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן די אידישע אַרבעטער.

אין ווילנע איז דער אָנפירער פון דער דאָזיקער אָפּאָזיציע געווען אַבראַם גאָרדאָן, אָדער, ווי מע פלעגט אים רופן אַבראַם רעזשטשיק. אין ענדע 1899 יאָר האָט מען אים אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט אין סיביר. די דאָזיקע אָפּאָזיציע האָט אויפגעהערט צו ווירקן, ווי אַ באַזונ־דער שטרעמונג אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָר די איינציקע, וועלכע זיינען געבליבן האָבן דאָך געהאַט אַ קליינעם ווירקונגס־קרייז.

איך האָב געקענט צוויי פון זיי: ביניאָמין, אַ שניצער, און הירש ביילין, אַ קאַמאַשן־שטעפּער. דער ערשטער האָט ניט אָנערקענט און ניט געגלויבט אין פּאָליטישן קאַמף פון די מאַסן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז די „איבערקערעניש” אין רוסלאַנד וועט זיין אַ רעזולטאַט פון דער ווירטשאַפטלעכער עוואָלוציע. בכלל איז פאַר אים אַליין זיין אייגענע „טעאָריע” ניט גאַנץ קלאָר געווען. דער צווייטער איז געווען זייער אַן אַנטוויקלטער און באַוואוסטזיניקער אַרבעטער. ער האָט יאָ אָנערקענט דעם פּאָליטישן קאַמף, נאָר ער איז איינגאַנצן געווען קעגן די „עקאָנאָמי־שע” מעטאָדן פון קאַמף. ער איז אויך געווען קעגן מאַסן־אַרויסטרעטונגען, ווי דעמאָנסטראַציעס, מאַסן־פאַרזאַמלונגען א. א. וו. ער האָט געהאַלטן, אַז די אינדיווידועלע אַנטוויקלונג פון אַ קליינער גרופּע וועט אַ סאַך

מער אויפטאַן, ווי די „אויפגעהיצטע" אַרויסטרעטונג פון אַ מאַסע, וועל־כע ווערט גלייך אָפּגעקילט.

זיינע מיינונגען האָבן זי אָבער גענומען בייטן. אין אַויגוסט 1901 יאָר, נאָך דעם גרויסן מאַסן־אַרעסט אין ווילנע, האָט דער זעלביקער הירש ביילין אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפירטע פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער ער רופט די אַרבעטער שטעלן זיך צום קאַמף מיט דער זעלבסט־הערשונג און ווייזט אָן, אַז קיין עקאָנאָמישער קאַמף איז ניט מעגלעך אָן פּאָליטישע פרייהייט. די דאָזיקע פּראָקלאַמאַציע האָט געהאַט די פּאָל־גנדיקע אונטערשריפט: „אַ גרופּע מער פּאָליטיש אַנטוויקלטערע אַרבע־טער".

אין צוויי כאַדאָשים נאָך דעם האָט מען אים אַרעסטירט. מע האָט בײַ אים געפונען אַ קימאַט איינגעאָרדנטע געהיימע דרוקעריי. ער האָט זיך געקליבן אַרויסצוגעבן אַן אָרגאַן צו פאַרשפּרייטן זיינע אידייען. נאָך דעם אַרעסט פון דעם דאָזיקן לעצטן אָפּאָזיציאָנער האָט די דאָזיקע אָפּאָ־זיציע זיך מער ניט געלאָזט הערן.

די אינעווייניקסטע אָפּאָזיציעס, ד. ה. די אָפּאָזיציעס אין דער אָר־גאַניזאַציע זיינען אייגנטלעך געווען דאָס ראָוו מערער צופעליקע ריי־בונגען, ווי אידייאישע שטרעמונגען. אין אָנהויב צוויטן יאָר זיינען די רייבונגען אין דער ווילנער אָרגאַניזאַציע געווען זייער שטאַרקע—אין דאָס מאָל אַף אַ אידייאישן באָדן—צווישן די „יונגע און די „אַלטע". מיר יונגערע, האָבן באַשולדיקט דעם קאָמיטעט אין „עקאָנאָמיזם". מיר האָבן קסיידער אָנגעוויזן, אַז אין דעם אָרגאַן פון דער ווילנער אָרגאַני־זאַציע, אין „קלאַסן־קאַמף" ווערט אָפּגעגעבן צופיל אָרט דעם עקאָנאָמישן קאַמף, אַז ביכלאַל גיט דער קאָמיטעט אַף ווייניק אויפמערקזאַמקייט אַפן פּאָליטישן קאַמף. עס איז געקומען דערצו, אַז דער קאָמיטעט האָט פאַרמאַכט די גרויסע צענטראַלע סכאָדקע, איבערלאָזנדיק אַ קליינע אַגי־טאַטאָרן־גרופּע. דער אויסרייד איז געווען—אַז אַזאַ ברייטער אָרגאַן איז ניט אַרבעטספעאיק און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ריידאָרט („גאָוואָ־רילנע").

ניט קוקנדיק אַף די איינצלנע אין מאַסן־אַרעסטן האָט זיך דאָך די אָרגאַניזאַציע פון די ווילנער אידישע אַרבעטער פאַר דעם יאָר 1901 זייער פאַנאַדערגעוואַקסן. ס'איז ניט געבליבן קיין איין ניט אָרגאַניזיר־טער פאַך. אַפילע דער סאַמע אָפּגעשטאַנענער עלעמענט פון דעם אידישן פּראָלעטאַריאַט—די האַנדלס־אָנגעשטעלטע—זיינען אויך געווען פאַראיי־ניקט. די אָנגעשטעלטע־אָרגאַניזאַציע איז געווען ענלעך צו דער אַלגע־מיינער: יעדער בראַנזש האָט געהאַט אַ באַזונדער „סכאָדקע". די אַלע סכאָדקעס האָט פאַרבינדן איין צענטראַלע סכאָדקע, פון וועלכער עס

וויינען אַרוין פּאָרשטייער אין דער אַלגעמיין־שטאָטישער צענטראַל־
כּבאָדקע.

דער אָרגאַניזאַטאָר און דער אָנפירער פון די ווילנער אָנגעשטעלטע
איז געווען קאַלמען קראַפּיוניקאָוו *), אַ מענטש מיט אויסערגעוויינלעכע
אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן און מיט אַן אייזערנעם ווילן. אים האָט
זיך איינגעגעבן דאָס, וואָס אין קיין שטאָט האָט זיך צו יענער צייט נים
איינגעגעבן—אָרגאַניזירן די קליינבירגערלעך געשטימטע אָנגעשטעלטע.
לויט זיין פּלאַן און איניציאַטיוו האָט די אָנגעשטעלטע־אָרגאַניזאַציע גע־
עפנט אַף הודניצקער גאַס אַ קיך. די פאַרדינסטן פון דער דאָזיקער אונ־
טערנעמונג האָט געזאָלט געבן אַ מעגלעכקייט צו שיקן אָרגאַניזאַטאָרן אין
אַנדערע שטעט פאַר אַרבעט צווישן די אָנגעשטעלטע. די זאַך האָט זיך
נים איינגעגעבן, ווייל קאַלמען איז דורכגעפאַלן און האָט געמוזט אומ־
לעגאַל ווערן און די דאָזיקע קיך איז גיכער געוואָרן אַ לויערפּונקט פאַר
די מאָסקווער „שפּיקעס".

די שטרייקן האָבן דאָס יאָר נים אויפגעהערט און דאַפקע אַלגעמיינע
שטרייקן. ס'האָבן דורכגעשטרייקט אָן אויסנאַם אַלע פאַכן מיט ער־
פאָלג.

.3

די רעפּרעסיעס זיינען אויך געווען מערעריקע. ווילנע האָט איבער־
געלעבט אין דעם 1901 יאָר 2 גרויסע אַרעסטן. איינער—אין יאַנואַר.
ס'איז אַרעסטירט געוואָרן קימאַט דער גאַנצער קאָמיטעט און אַ כאַך
טוער. דער צווייטער אַרעסט אין אַווגוסט. באַם צווייטן אַרעסט האָבן
געליטן מערסטנטייל אָנגעשטעלטע. צווישן די אַרעסטירטע איז אויך גע־
ווען דער פאַרוואַלטער פון קיך מיט זיין פרוי—און די קיך האָט זיך פאַר־
מאַכט. קאַלמען איז אַרעסטירט געוואָרן מיט אַ וואָך פריער פאַר דעם
צווייטן אַרעסט אַפן וועג קיין ביאַליסטאָק. ווי מע רעכנט,האָט אים
אַרויסגעגעבן דער באַוואוסטער איסראָעל־מיכל קאַפּלינסקי. ס'זיינען גע־
ווען אויך פיל איינצלנע אַרעסטן. נים קוקנדיק אַף דעם, איז דאָך די
שטרייקבאַוועגונג נים געוואָרן שוואַכער. די אַרעסטן האָבן נאָך מער גע־
רייצט דער אַרבעטער־מאַסע און האָבן אַרויסגערופן עקסצעסן פון עקאָ־
נאָמישן טעראָר.

דער לעבעדיקער קאַמף פון די ווילנער אידישע אַרבעטער וואַרפט
זיך אַריבער אין די נאָענטע שטעט, ווירקט אַף די נים אידישע מאַסן.
אויך די רעגירונג האָט זיך נים אַף קאַטאָוועס דערשראָקן. און האָט גע־

*) קאַלמאַן האָט זיין לעבן געענדיקט דורך זעלבסט־מאָרד אין אַרכאַנגעלסקער
גובערניע, וואוהין ער איז געווען פאַרשיקט.

שיקט אַף צו באַקעמפן די „קראַמאָלע" אין ווילנע פאַר אַ גובערנאַטאָר דעם באַוואוסטן פאָן־וואַלן.

מיטן אָנקומען פונם נייעם גובערנאַטאָר, אין הארבסט 1901 האָבן זיך די רעפּרעסיעס באַדייטנד פאַרגרעסערט. פאָן־וואַל האָט גלייך איינגעפירט די פאַרשטאַרקטע שמירע. אַפן סמאָך פון די טאַקאָנעס וועגן פאַרשטאַרק־טער שמירע האָט ער געזעצט אין טפיסע פאַר דער קלענסטער אַנטדעק־טער פאַרזאַמלונג. אַף די דוואָרניקעס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן פּאָלי־צייאישע און שפּיאָנישע פליכטן. ניט קוקנדיק אַף די אַלע שווערקייטן, איז די אַרבעט אַוועק נאָך לעבעדיקער. די אָרימע הייזלעך אַף שניפּישאָק, גאָזוגאָראָד און רוזעלע*) זיינען וויניציק ניספּאַעל געוואָרן פון גובערנאַ־טאָרס סטראַשונקעס און האָבן אַף ווייטער געלאָזט בּאַ זיך מאַכן פאַר־זאַמלונגען—די אַרבעטער זיינען דאָך זייערע קינדער געווען.

באַ פאָן־וואַלס אָנקומען קיין ווילנע האָט מען אים באַגעגנט מיט אַ הייסער פּראָקלאַמאַציע, אין וועלכער ס'איז געוואָרן אָנגעוויזן, אַז וואָס מער רעפּרעסיעס, אַלץ שטאַרקער וועט ווערן דער קאַמף פונם פּראָלע־טאַריאַט, אַלס גיכער וועט נעמען אַ סאָף צו דער הערשאַפט פון ווילקיר. און אַזוי ווי אים אַף צולאָכעס האָבן זיך די אויפרופן פאַרמערט. קימאַט אַלע 3—4 טעג האָט אַ נייע פּראָקלאַמאַציע באַדעקט די ווילנער גאַסן און הויפן פונקט, ווי מיט שניי, אין ווער, און ווי אַזוי מע האָט דאָס פאַ־נאַנדערגעוואָרפן, ווייס קיינער ניט.

— „וואָס זיינען זיי מאַלאָכים אָדער שיידים"!—שרייט פאָן־וואַל צום פּאָליצמייסטער.—„וואָס איז דאָס פאַר אַ פּאָליציי, וואָס קאָן קיין איינעם פון די פאַנאַנדערוואַרפער ניט כאַפּן".

דאָס זיינען אָבער ניט געווען ניט קיין מאַלאָכים און ניט קיין שיי־דים, נאָר איבערגעגעבענע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע פלעגן צעטיילן צווישן זיך די שטאָט אַף קוואַרטאַלן און פאַרלעכוויים אַ באָבער מיט אַ מיידל (קדיי עס זאָל קיין כשאַד ניט פאַלן) פלעגן זיי זיך דורכגיין באַ 15 מי־נוט איבער די באַשטימטע קוואַרטאַלן, און די שטאָט איז שוין געווען באַשאָטן, ווי מיט אַ שניי. און ס'זיינען געווען אַזעלכע, באַ וועלכע ס'איז געווען אַן עמעסער פאַרגעניגן אַראָפּצולאָזן פּראָקלאַמאַציעס אין די בריוו קאַסטנס באַם גובערנאַטאָר, פּאָליצמייסטער, פּראָקוראָר און די איבעריקע אַדוינים. באַ זיי איז דאָס אַ מין כפּאָרט געווען...

קיין רואיקע מינוט האָט פאָן־וואַל אין ווילנע ניט געהאַט פון זיין זעצן זיך אַפן גובערנאַטאָרישטול. עס געדויערט ניט קיין גאַנצער כוידעש— ברעכט אויס אַן אַלגעמיינער גאַרבער־שטרייק אין סמאָרגאָן און אַשמיאַני. ס'הויבן זיך דאָרט אָן אַרעסטן אַף רעכטס און לינקס, און די ווילנער

*) פאָרשטעטלעך אין ווילנע.

מפּיכע ווערט פול מיט די שטרייקנדיקע גאַרבער. דער גובערנאַטאָר „בכי-כירו ועצמו" קומט אין מפּיכע אַריין און דאָרטן קומט פאָר אזא סצע-נע:

—ושידי, גייט אַרויס פאַראויס!—שרייט אויס דער גובערנאַטאָר.

קיינער רירט זיך אָבער פון אָרט נישט. ער באַוועגט איבער נאָך עטלעכע מאָל, נאָר אין קאַמער בלייבט אַלץ שטיל און קיינער רירט זיך נישט פון אָרט.

דאַמאָלסט האָט ער מיט גרויס גרימצאָרן א רעדע, אין וועלכער ער דערקלערט, אַז „יעוורייאַ" זיינען דאָס יענע בעקאַווערדע אידן—די גאַברים, פאַבריקאַנטן א. א. וו., אָבער,—

— איר, בינטאָוושציקעס, וייט ושידי!

און איז מיט קאַאַס גלייך אַרויסגעגאַנגען.

א הילכיקער געלעכטער פון עטלעכע צענדליק יונגע געזונטע העלזער איז געווען דער ענטפער אויף זיין דרשה. ער איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ, ווי אַן אָפּגעבריטער...

געפינט זיך אין ווילנע „א געלערנטער" איד בײַם גובערנאַטאָר איינער א. קליאַטשקאַ. ניט ער אַן איינצע, ווי צו באַקעמפן די דאָזיקע „הולטאַיעס", וועלכע ווילן נישט פאָלגן וואָס אין דער טירע שטייט און זיינען ווידערשפעניק דעם קייסער און מאַכן אַן אַזוי פיל אומגלענעש דעם גובערנאַטאָר. די איינצע איז א פּאַטענטע: שמײַסן.

אין דעם נאָענטן נומ. „קלאַסן-קאַמף" איז געווען אָפּגעדרוקט א קליינער פעליעטאָן, ווי דער גובערנאַטאָר פאַרגאַל און זיין „געלערנטער" איד קליאַטשקאַ זיינען מעקאַרים די לעוואָנע און שפּרינגען צום הימל מיט ריטער און די הענט און גיבן איינער דעם צווייטן שאָלעמאַליכעם—דער מאַליען פאָרגאַל און זיין „געלערנטער" איד קליאַטשקאַ. דער פעליעטאָן נעמט אים בײַ די מאַכן. מע לייענט אים און מע רעדט וועגן אים...

דער קאַמף ווערט פון ביידע צדדים אַלץ שאַרפער און פאַראַקשנטער, נאָר נישט קיקנדיק אויף די אַלע שווערקייטן לאָזט זיך נישט אָפּ די אַרבעטער-מאַסע פון צו פּייערן די רעוואָלוציאָנערע יאָמטויוויים דורך מאַכן פאַרזאַמלונגען. אַזוי איז געפייערט געוואָרן דער יובילעאום פון דער „אַרבעטער-שטימע" צום אַרויסגיין פון 25-טן נומער. אין דעם דאָזיקן יאָמטעווו האָבן אָנטייל גענומען העכער 500 אַרבעטער. די רעגנפאַלן איז איין דירע מיט 40 מאַן, וועלכע האָבן געקראָגן אַפּן טמאַך פון די מאַקאָגעס 3 באַראַטים מפּיסע. עס איז געפייערט געוואָרן דורך מאַסן-פאַרזאַמלונגען דער יאַרצייט פון די דעקאַבריסטן, און אויך דער ערשטער מאַרט...

## .4

די צייט קומט נעענטער צום ערשטן מאי. אַלע ריידן איין זאַך, אַז דאָס מאָל מוז דער ערשטער מאי געפייערט ווערן מיט אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע. אַף אַלע פאַרזאַמלונגען ווערט אַרויסגעטראָגן איינער און דער זעלביקער באַשלוס—אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע. מיט אומגעדולד וואַרטן אַלע אַף דעם טאָג פון ערשטן מאי. מע רעדט, אַז בײַ פאַן־וואַלן איז דער באַשלוס—שמייסן די דעמאָנסטראַנטן, אַ פעסטער. קיינער וויל ניט גלויבן. וואָס נעענטער, אַלץ אומגעדולדיקער ווערט מען. דאָ פאַרקיל איך זיך און קאָן ניט אַראָפּ פון בעט. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם אַגמעס־נעפעש. כאַווײרים קומען און דערציילן, אַז דער קאָמיטעט האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע צום אָרגאַניזירן די דעמאָנסטראַציע, אַז ס'וועלן זײַן צוויי דעמאָנסטראַציעס—איינע אַף דער דײַטשישער גאַס, די צווייטע אין טעאַטער...

איך באַמי זיך מיט אַלע קויכעס געזונט צו ווערן, און עס גליקט מיר ערעוו דעם ערשטן מאי אַראָפּ פון בעט.

דעם ערשטן מאי אין דערפרי בין איך אין גאַס אַרויס. די שטאָט האָט באַקומען אַן אומגעווײנלעכן אויסזען. אַלע טויערן זײַנען געווען געשלאָסן און בײַ יעדן טויער איז געשטאַנען אַ דוואָרניק מיט אַ פלאָקן אין די הענט.

7 אַזייגער פאַרנאַכט. בײַדע טראָטואַרן פון דער דײַטשישער גאַס זײַנען פול מיט שפּאַצירנדיקע אַרבעטער און אַרבעטערינס. מע באַגריסט איינער דעם צווייטן מיטן יאָמטעוו. די שטימונג איז אַן אָנגעשטרענגטע. איך גיי אויך און איך פיל אין זיך עפּיס אַ באַזונדער מין גוואַלדע, מיר דוכט זיך, אַז איך וואַקס און ווער אַלץ העכער.

„קאָנצענטרירט זיך אַף איין טראָטואַר”,—גיט מען איבער, און מיר גייען איבער. דער טראָטואַר איז צו שמאָל אַלעמען אויפצונעמען און דער גרעסטער טייל גייט איבערן גאַס. איך פיל, אַז איך קאָן מער ניט אויסהאַלטן, איך גיי אַרויס אַפן מיטן גאַס און שריי אויס:

— נידער מיט דער זעלבסט הערשינג!”

— „זאָל לעבן די פרײַהייט!”

עס הייבן זיך אויף צוויי רויטע פאָנעס און אַ הילכיקער הוראַ איז דער ענטפער אַף מײַן אויסרוף. אין דעם מאָמענט באַווײַזן זיך קאַזאַקן פון פאָליציי־הויף. איך שטעל זיך אָפּ אין מיטן גאַס און שריי צום אוילאָם: „אַף צוריק!”, נאָר מע שטויסט מיך אָפּ. איך פאַל. אויפגעשטאַנען. דער אוילאַם איז ווײַט פון מיר. צו מיר לויפן צו פאָליציאַנטן. קאָזאַקן זײַנען נאָענט. כאַווײרים קערן זיך אום מיך אָפּשלאָגן. קאָזאַקן לויפן אָן, זיי קאָנען גאָר ניט מאַכן. מ'שרײַט מיר פון ווײַטן: „אין קראָם לויף אַרײַן!”

איך לאָז זיך לויפן אין קראָם. פּאַל אַריין אַפּאַנים ניט אין דער אָנגע־וויזענער, קיין הינטערטיר איז ניטאָ—איך בין אין נעץ.

צוריק אַפן גאַס. דריי פּאָליציאַנטן. איך בין איינער. אין מיטן גאַס קאָזאַקן. אונטער זייערע פערד וואַלגערט זיך אַ כאַוועה, לעבן איר אַ פּאָן. די פּאָליציאַנטן שלעפּן מיך אויך אהין. איך שלאָג זיך מיט זיי און לאָז זיך ניט. די קאָזאַקן פאָרן צו צום טראָטואַר. זיי הויבן מיך אָן שלאָגן מיט די נאַהייקעס. איך פּיל, ווי אַ טייך וואָלט געהודזשעט איבער מיין קאָפּ. באַלד פיל איך קיין זאַך ניט...

אויפגעכאַפּט זיך. איך בין אין מיטן גאַס. ס'האַלטן מיך בײַ אַ צענדליק הענט. ניט איך גיי, נאָר עס טראָגט מיך. איך טראַכט: „געהאַר־געט ווערן איז לעפּאָכעס אין אַ געשלעג". אין גערהאַנקען גרייט איך זיך...

אין קאָרידאָר פון פּאָליציי־הויז איז פינסטער. מע האָט מיך אויפ־געהויבן אין דער הויך, און אַ וואָרף געטאָן אַף דער ערד... שטיוול, שטע־קנס, הענט פון ביקסן... „ס'אַראַ צייט עס געדויערט און איך בין נאָך ניט טויט"... „ער איז דערהאַרגעט!"—„ניין פאַרטאָעט—„גענוג!" מע שלעפּט מיך פאַר די פיס און מע וואַרפט מיך אין אַ צימער אַריין...

איינער ליגט אַ צעהאַרגעטער, פון קאָפּ רינט בלוט. צוויי זיצן גאַנ־צע. איך קוק זיך צו—דאָס זיינען „שפּיקעס".

מע ברענגט נאָך איינעם, צוויי, דריי, פיר, פינף... איך הער אויף צו ציילן. מע שלאָגט זיי פירנדיק דורכן קאָרידאָר, נאָר שוין ניט אַזוי אַכזאָריש.

דער גובערנאַטאָר.

— ווער זיינען די פּאָנען־טרעגער?

די שפּיקעס ווייזן אָן אַף מיר און דעם צוקאַליעטשעטן פיינבערגן (הירשל דער פּריקאַזטשיק).

— פירט זיי אַרויס אין אַ באַזונדער קאַמער!—באַפעלט דער גו־בערנאַטאָר:—די פּאָנען־טרעגער צו 100 שמיץ די איבעריקע צו 50.

אין דער צווייטער קאַמער. מיר זיינען אַליין. פיינבערג וואַרפט זיך אַף דער באַנק ליגט ווי אַ טויטער. איך פּרוּוו זיך לייגן. ס'טוען וויי אַלע גלידער. דער גאַנצער קערפּער געשוואָלן... מאָרגן וועל איך שטאַרבן מיט אַן עקלהאַפטן טויט. עס טראַכט זיך, ווי וועגן אַן אַנדערן ניט וועגן זיך, אָן שרעק און עפּעס גלאַט אָן געדאַנקען—אַ נעפּל אין קאָפּ...

פרי. מע פירט אונז אַרויס. אין מיטן קאָרידאָר אַ ברייטע באַנק. בײַ די זייטן קופּעס ריטער. איבער דער גאַנצער לענג פון קאָרידאָר, וואָס גייט פון טיר שטייען אויסגעשטעלט קאָזאַקן מיט נאַהייקעס אין די הענט. אַ צווייטע שורע די פּריסטאַוון מיט זייערע געהילפן.

ס'גייט אריין פאָן־וואָל אין דער באַגלייטונג פון פּאָליצמייסטער נאַ־זיפאוו און דעם שטאָט־דאָקטאָר מיכאילאָוו. מיך מיט פיינבערגן שטעלט מען בײַ דער וואַנט אַנטקעגן טאַפּטשאַן. צוויי אָקאָלאָטאָטשנע מיט רע־וואָלווערן אין די הענט שטעלן זיך פון ביידע זייטן.

דער גובערנאַטאָר האָט אין האַנט געהאַלטן אַ צעטל, און לויט דעם ראָזיקן צעטל האָט מען אַרויסגערופן כאַווײַרים.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס עקלהאַפטסטע און שרעקלעכסטע, וואָס ס'האָט נאָר געקאָנט פּאַסירן אויף דער וועלט... די צאָל כאַווײַרים וואָס מע האָט דאַן געפּייניקט געדענק איך ניט גענוי, נאָר איך בין מעשאַער, אַז ניט מער פון 20.

דער דאָקטאָר מיכאילאָוו האָט געשפּילט איינע פון די שענדלעכסטע ראָלן. עס זיינען געווען פאַלן, ווען אייניקע האָבן ניט אויסגעהאַלטן און האָבן געכאַלעשט אין מיטן, פלעגט ער זיי אָפּמונטערן און הייסן נאָך אַמאָל נעמען.

נאָך דער עקזעקוציע האָט זיך פאָן־וואָל געווענדעט צו מיר מיט פיינבערגן און אָנגעוויזן:

,,איר האָט געזען?—דאָס איז דאָך די אַרבעט פון אייערע הענט. אייך וועט מען ניט שלאָגן, ווייל איר וועט ווייט אַוועקגיין".

— ,,אין פינפטע קאַמערע זיי"!—האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן.

מע האָט אונז אָוועקגעשלעפּט אין דער פינפטער קאַמערע—אַ קאַ־מערע פאַר שיקערע מיט אויסגעבראָכענע שויבן. אַ שמוציקע. אַפן שמו־ציקן פּאָל איז געלעגן איינער פון די געפּייניקטע. ס'איז געווען אַ שרעק צוקוקן, ווי ער איז געלעגן און קאָנוואולסיוו געציטערט.

עס זיינען אַריין צוויי באַדינטע און האָבן אים גלייך צוגענומען. איך קאָן ביז איצטער ניט פאַרגעסן דעם דאָזיקן געפּייניקטן מיט זיינע ברייט פונאַנדערגעעפנטע אויגן, וועלכע האָבן, דוכט זיך, גאָרניט גע־זעען און גאָרניט פאַרשטאַנען.

מיך האָט גענומען פייניקן אַ געדאַנק: עפּעס, ווען איך גיי ניט אַרויס דער ערשטער, וואָלט אַנדערש פאַרגעקומען די דעמאָנסטראַציע, און עס וואָלט אפשר דער דאָזיקער אומגליק ניט געווען. דער דאָזיקער גע־דאַנק-האָט מיך זייער געפּייניקט. קיין ענטפער פון פיינבערגן איז אוממ־מעגלעך געווען צו קריגן. ער איז געווען ווי צעמישט פון די קלעפּ און פון דער גאַנצער איבערלעבונג.

די ערשטע דריי טעג האָבן מיר ניט געוואוסט צו זיינען געבליבן נאָך אַרעסטירטע, אָדער מע האָט אַלעמען באַפרייט. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז די, וועלכע מע האָט אַרעסטירט אין טעאַטער, זיצן נאָך.

איך געדענק, איך האָב זיך צו זיי געווענדעט מיט דער זעלביקער־

נאענטערע שאיכעס צו דער פארטייאישער ארבעטער־ארגאניזאציע. אל־
קאלפאנים זיינען די יעריעס, וואס איך האב וועגן יענער צייט, גענוג
פינקטלעכע.

דער ווילנער קאמיטעט האט שוין צו יענער צייט, אין אנהויב 1902
די „עקאנאמיסטישע" מיינונגען בא זיך ליקווידירט. ער איז געשטאנען
באר א ברייטן פאליטישן קאמף.

מיר איז באקאנט געווען צו יענער צייט דער באשטאנד פון ווילנער
קאמיטעט פון „בונד". איך געדענק די ארויסטרעטונגען פון די מיט־
גלידער פון קאמיטעט אף די פארזאמלונגען פון דער אינטעליגענץ: אלע
קימאט זיינען געווען אנהענגער פון לענינס ביכל „וואס טוט מען". מע
איז אזוי ווייט געווען איינשטימיק מיט לענינען, אז דעם זומער 1902
האט מען צעבראכן די גאנצע ווילנער ארבעטער־ארגאניזאציע און אי־
בערגעבויט זי אף גראד פארקערטע יעסוידעס. פריער האט מען געהאט
ריין עקאנאמישע ארגאניזאציעס, אפן פראפעסיאנעלן יעסאד. האט מען
איצט אויפגעבויט פאליטישע און אף כ' לענינס מוסטער: דאפקע צע־
ריסן די פראפעסיאנעלע פארבינדונגען, און אין איין פאליטישער גרופע
אויפגעזעצט טישלער, שוסטער, שניידער, צעשיטנדיק די שניידער אף
עטלעכע גרופעס, קדיי צו באקעמפן אף אזא אויפן דעם „שמאלן פראפ־
פעסיאנאליזם". דערנאך האט מען זיך פון דעם ראדיקאליזם אפגעזאגט,
ווען מע האט דערזען, אז דערפון פראפיטירט נאר די ווילנער זובאטא־
וויארע.

עמעס, דאס איז אלץ געווען אין יולי 1902. נאר איך באזער איבער:
דער פאליטישער שטאנדפונקט פון קאמיטעט איז שוין געווען פיל פריי־
ער קריסטאליזירט. און דאפקע דערפאר איז דער קאמיטעט געווען קעגן
טעראריסטישע אקטן, קעגן נעקאמע נעמען פון פאן־וואלן; אין זיין
ביכל: „וואס טוט מען" האט לענין אפן ענערגישסטן אויפן באקעמפט די
טעראריסטישע שטימונגען בא דער אינטעליגענץ און בא א טייל יענע
ארבעטער, וואס זיינען געווען אונטערגעשטיצט דורך די דאמאלסט ערשט
אויפגעקומענע קליינבירגערלעכע סאציאליסטן־רעוואלוציאנערן. כ' לע־
נין, ווי אלע דאמאלסטיקע סאציאל־דעמאקראטן, האבן אין דעם טערא־
פון איינצלנע פערזאנען איינגעזען א קאמף־מיטל פון דער קליינבירגער־
לעכער אינטעליגענץ, וואס שטימט ניט מיט דער פראלעטארישער טאק־
טיק.

דאס איז געווען אויך דער שטאנדפונקט פון ווילנער סאציאל־דעמא־
קראטישן קאמיטעט פון „בונד".

.2

די סאציאל־דעמאקראטישע פרינציפן האבן זיך אבער שטארק צו־
נויפגעמישט מיט דער אלגעמיינער שטימונג. דער קאמיטעט האט גע־

פירט אַן אָפענעם קאַמף קעגן אָט דער טעראָריסטישער שטימונג, אויסנוצנדיק דערביי די אַלגעמיינע אויפרעגונג אַנקעגן דער מאַכט. דער אויפרוף פון ווילנער סאָצ. דעמ. קאָמיטעט, וואָס איז אַרויס אַף אידיש און רוסיש, האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. מע האָט אים דאַן זייער ברייט פאַרשפּרייט צווישן דער אינטעליגענץ. מיר, די גרופּע אַקטיווע אינטעליגענטן, האָבן אים געטראָגן פון טיר צו טיר, אַריינלייגנדיק אים אין שפּאַלט פון טיר אָדער אין די פּאָסטקעסטלעך. אין אויפרוף איז געווען אַ זאַץ קעגן טעראָר, וואָס האָט ניט אַנטשפּראָכן מיין דאַמאָלסדיקע שטימונג. דאָך האָב איך דאָס בלעטל פאַרשפּרייט. מיר דוכט זיך, אַז ערגעץ אין אַ פאַך האָט מען זיך אָפּגעזאָגט דאָס בלעטל צו פאַרשפּרייטן. איז מען דען געווען אָנהענגער פון דעם עמעסן טעראָר? ניין, עס האָט זיך פאָרמירט אַן אַנדער געדאַנק—וועגן „אָרגאַניזירטער ראַכע".

מען מוז מודע זיין, אַז דאָס אַליין איז געווען אַ סימן פון שוואַכקייט, פון אַלגעמיינער דערשלאָגנקייט. די דעמאָנסטראַציע איז ניט געווען קיין געלונגענע. די פּוילישע אַרבעטער זיינען ווידער ניט געקומען. די עקזעקוציע האָט געווירקט שרעקלעך. און דאָ איז נאָך צוגעקומען די האַלטונג פון די איבעריקע בעאיס דער עקזעקוציע. קיין ווידערשטאַנד מיצד די איבעריקע. 50 אינטעליגענטן זיינען געזעסן צוזאַמען אין אַ צווייטער קאַמער, אַרעסטירט אין דעם זעלביקן אָוונט אין טעאַטער*). און קיינער פון זיי האָט ניט פּראָטעסטירט, ניט געקלאַפּט אין די טירן, ניט געבראָכן די שויבן. און באַ אַזאַ שוואַכקייט פון די מאַסן האָט זיך געמוזט פאַרשפּרייטן אַ געפיל פון נעקאָמע, וואָס מוז ברענגען צו אַ העלדישער אַרויסטרעטונג פון אַ איינצלנעם מענטשן.

עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען אַ מאַן 6, מענער און פרויען. די אַרבעט פון די פרויען איז געווען נאָכקוקן נאָך פאָן־וואַלן, וואוהין ער גייט. די מענער זיינען געגאַנגען מיט רעוואָלווערן, זייענדיק גרייט יעדע מינוט צו שיסן. פון די מענער געדיינק איך איינעם אַ הויכן, אַ דאַרן און שיינעם שלאָסער, מיט וועלכן איך האָב זיך געטראָפן אין אַ פּאָר טעג נאָכן אַטענטאַט. מיט הירש לעקערטן האָב איך זיך ניט געטראָפן. זיין פּאָנים איז מיר באַקאַנט נאָר לויטן בילד, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט נאָכן אַטענטאַט. איך האָב געוואוסט פון דער גרופּע און פון איר אַרבעט.

איר האָט מיטגעהאָלפן מיין נאָענטער שול־כאַווער סובאָטניק**). ער איז אויך געווען אַרעסטירט אין טעאַטער. נאָר מע האָט אים באַ־

*) אין דער זעלבער צייט, ווען אין גאַס איז געווען די דעמאָנסטראַציע, האָט דער קאָמיטעט אָרגאַניזירט אַ מאַניפעסטאַציע אין טעאַטער.

**) געשטאָרבן אין כאַרבין אין 1920.

פרייט. אין דער עמעסן איז ער געווען דער גרעסטער שולדיקער אין דער טעאַטער־דעמאָנסטראַציע, ווייל ער האָט דאָס אַ שאָט געטאָן פון „גאַליאָרקע” צום פאַרטער די רעוואָלוציאָנערע אויפרופן. מע האָט אָבער דאָס ניט באַמערקט, און אַלס שולדיקע זיינען אַוועק אין סיביר אַנדערע. די רעוואָלוציאָנערע מאָראַל האָט ניט דערלויבט און ניט געפאָדערט אָנצורופן זיך, ווייל דאָס וואָלט סאַי ווי קיינעם ניט געהאָלפן.

דער כאַוער סובאָטניק האָט געהאַט פערזענלעכע באַקאַנטשאַפט אין דער גרופע און האָט זיי געהאָלפן אין זייער אַרבעט. ער האָט זיי געקראָגן אַ ביסל געלט אויך דורך דער מישפּאָכע באַנעוואַזר. דאָס האָט פאַר דער גרופע געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. די גרופע האָט זיך געווענדעט נאָך אַ געלט־שטיצע און ביכלאַל נאָך הילף צום קאָמיטעט. נאָר דער קאָמיטעט האָט אָפּגעזאָגט, צוגעבנדיק צו די אַלגעמיינע מאָטיוון נאָך איינעם, אַ פראַקטישן: דער קאָמיטעט האָט דערקלערט, אַז די גרופע פּאַסט ניט, לויט איר באַשטאַנד, צו אָרגאַניזירן אַזאַ אַטענטאַנט. די פערזאָנען, וועלכע ס'האָבן זיך אָן דער גרופע אָנגעשלאָסן, זיינען ווירקלעך געווען ווייט פון פּאַרטיי־צענטר. זיי האָבן אויך ניט פיל אימפּאָנירט מיט דער מאַדרייגע פון זייער אַלגעמיינער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג. דאָס זיינען געווען פּאָשעטע אידישע אַרבעטער, „מאַסאָוויקעס”, וואָס האָבן נאָר ריכטיק אויסגעדריקט די מאַסן־שטימונג. דערפאַר האָט זיי טאַקע די אַרבעטערשאַפט געשטיצט. דאָס געלט האָבן זיי באַקומען פון איינציקע פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער־קאַסעס און אַביסל דורך דער אינטעליגענץ.

.3

קימאַט דריי וואָכן האָבן די אַרבעטער נאָכגעשפּירט פאָן־וואַלן. איך האָב געוואוסט די פּראָטים פון זייער נאָכשפּירונג. די ערשטע צייט האָט זיך די זאַך ניט איינגעגעבן. פאָן־וואַל האָט זיך געהיט. די אָכראַנקע האָט געהאַט אַ גרונט צו וואַרטן אַף אַן אַטענטאַנט. די גאַנצע שטאָט האָט גערעדט, אַז גלאַט אַזוי וועט די עקזעקוציע ניט דורכגיין.

יעדן טאָג פלעגט זיך די גרופע אַרבעטער צעטיילן און שטעלן אין אַלע ערטער, וואו מע האָט נאָר געהאָפט צו טרעפן פאָן־וואַלן. באַזונדערס שטרענג האָט מען אים געהיט אַרום זיין „פּאַלאַץ”, דעם גובערנאַטאָרס הויז אַף ווילנער גאַס און בײַ דער „אָפּיצערן פאַרזאַמלונג”. איין מאָל האָט מען אַף ווילנער גאַס פאַרהאַלטן אַ פרוי, אַ מיטגליד פון דער גרופע, וואָס האָט צו לאַנג שפּאַצירט אין יענער געגנט אַרום דעם פּאַלאַץ. נאָר מע האָט זי אַפן אָרט אָפּגעלאָזט. אַ צווייטן מאָל האָט מען אַרעסטירט אַן אַרבעטער.

מע האָט נאָכגעשפּירט אַרום הויז, וואו עס האָט געוואוינט קלוימערשט דעם גובערנאַטאָרס אַ געליבטע. פון וואַנען די גרופע האָט גע־

האָט אַזעלכע יעדיעס, ווייס איך ניט. איך רעכן, אַז זי האָט געבויט אַף קלאַנגען.

די שטאָט האָט זיך דערווייל געטרייסט מיט קלייניקייטן. עס האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עפּעס אַ גרופּע האָט פֿאַרפֿירט קלוימערשט צו אַ קראַנקן דעם דאָקטאָר מיכאַילאָוו *), וועלכער האָט אָנטייל גענומען אין דער עקזעקוציע. מע האָט דערציילט, אַז מע האָט אים אָפּגעשמיסן אַפֿן הוילן לייב. דאָס איז אָבער געווען ניט מער ווי אַ קלאַנג.

די לעצטע טעג פֿאַרן אַטענטאַט איז די שטימונג פֿון דער גרופּע געווען אַ נערוועזע. די זאַך האָט זיך פֿאַרצויגן. זיי האָבן אויך אָנגעהויבן מורא צו האָבן, טאָמער וועט זיך דער אַטענטאַט ניט איינגעבן, און מע וועט באַם שיסן ניט האַרגענען אַף טויט פֿאָן־וואַלן. קיין גאָר געניטע שיסער זיינען זיי ניט געווען. ס'איז דערום געווען באַשלאָסן צו פֿאַרגיפֿטן מיט אַ סאַם די קוילן. מע האָט געזוכט אַ סאַם און געקראָגן דאָס דורך דעם זעלביקן סובאָטניק, וועלכער איז געווען אַ פֿאַרמאַצעווט. מע האָט איינגעשניטן די קוילן און אַהין אַריינגעלייגט דעם סאַם. דאָס איז געווען געמאַכט זייער קינדעריש. נאָר די אָנטיילנעמער פֿון דער גרופּע האָבן ווירקלעך ניט געהאַט ניט. קיין דערפֿאַרונג, ניט קיין גוטע ספּעציאַליסטן, וואָס זאָלן קאָנען געבן אַ פּאַסנדיקע איצה.

דעם 5־טן מאַי אינדערפֿרי האָט מיר סובאָטניק געזאָגט, אַז עס איז באַשלאָסן געוואָרן היינט־מאָרגן די זאַך צו פֿאַרענדיקן. פֿאָן־וואַל וועט זיין אין אָוונט, דעם 5־טן אין צירק אַף אַ גרויסער פֿאָרשטעלונג, אָדער אַף מאָרגן, דעם 6־טן מאַי אַפֿן מיליטערישן פּאַראַד צוליב דעם געבורטס־טאָג פֿון קייסער ניקאָלאַי. צום 6־טן מאַי גרייט זיך די גרופּע זייער שטאַרק. מע רעכנט אָנטאָן איינעם פֿון דער גרופּע אין אַ מאַנטל פֿון אַ גימנאַזיסט. אַף אַזאַ אויפֿן וועט ער באַקומען די מעגלעכקייט גרינג צוצוקומען צום אָרט, וואו פֿאָן־וואַל וועט שטיין בעאייסן פּאַראַד. די גימנאַזיסטן זיינען געווען מחויבֿ אַלע צו קומען אַף די מיליטערישע פּאַראַדן. דעם איבער־געטאָנענעם גימנאַזיסט וועט מען גרינג דורכלאָזן. פֿון דער נאָענט וועט זיך דער אַטענטאַט זיכער איינגעבן. אַזאַ פּלאַן איז געווען אויסגעאַרבעט. מיין כ' יאַקאָוו האָט מיר פֿאָרגעלייגט, איך זאָל נעמען אַף זיך קויפֿן אַן אַנצוג פֿאַר דעם געמאַכטן גימנאַזיסט. איך האָב מסכים געווען.

5 אינאָוונט דעם 5־טן מאַי האָב איך מיט אומגעדולד געוואַרט אַף דעם, וואָס דאַרף מאָרגן נעקאָמע נעמען פֿון פֿאָן־וואַלן. ער איז גע־

---

*) דער ד"ר מיכאַילאָוו לעבט ביז היינט. ער איז געווען אַרעסטירט אין מאָסקווע דורך דער טשעקאַ און איז געווען אַף פֿינף יאָר אַריינגעזעצט אין קאָנצענטראַציאָנס־לאַגער דערנאָך באַפֿרייט געוואָרן. איצט דינט ער אין קאָמיסאַריאַט פֿון פֿאָלקסגעזונטהייט, ווי אַ גוטער ספּעץ. ער אַרבעט אַרום האָמעל.

קומען צו דער צייט. דאָס איז געווען אַ יונגער מאַן פון אַ קליינעם וואוקס, עטוואָס עלטער פון מיר, אַיאָר 20 אינגאַנצן. איך געדענק אים ווי היינט— אַ דאַרער, מיט אַ בלייכן, דאַרן פּאָנים מיט איינגעטאָקטע פּאָנים־שטריכן, אַ שיינע געשטאַלט, אַ ברונעט מיט קורץ געשוירענע האָר. אָנגעטאָן איז ער געווען ווי געוויינלעך.

מיר האָבן קימאַט ניט גערעדט צווישן זיך. איך געדענק ניט, ווער האָט פון אונז ביידן איינגעגעבן, וואוהין צו גיין קויפן דעם אָנצוג, מעגלעך, אַז דאָס בין איך געווען. געגאַנגען זיינען מיר צו מיניקעסן אַף יאַטקעווער גאַס (אַ דורך־הויף, וואָס דער אַנדערער טויער גייט אַרויס אַף גרויסער גאַס), אַ פירמע, וואו מע פלעגט קריגן סאַי געניצטע זאַכן, ווי אויך באַשטעלן שילער־קליידער.

מער האָב איך דעם אומבאַקאַנטן באַוווּער ניט געזעען, מער פון אים שפּעטער ניט געהערט. עס דוכט זיך מיר, אַז ער איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע גלייך נאָכן אַטענטאַט. איך האָב זיך די גאַנצע 17 יאָר ניט דערוואוסט זיין פאַמיליע.

אים איז ניט אויסגעקומען צו שיסן אין פאָן־וואַלן דעם 6־טן מאַי. דעם 5־טן מאַי האָט אין אים געשאָסן הירש לעקערט.

.4

דעם אָוונט בין איך ניט געגאַנגען שפּאַצירן און געלייגט זיך שלאָפן פרי. אַזייגער 11 קומט צוריק פון שטאָט דער פאָטער, און גלייך ווי ער גייט אַריין, זאָגט ער מיר אָן די בשורע: מע האָט געשאָסן אָין פאָן־וואַלן, נעבן צירק, אַף געאָרגיעווסקער גאַס. איינער האָט אויסגעשאָסן. מע האָט אָנגעהויבן צו לויפן פון פאַרשיידענע זייטן, געשריען. מע האָט געטראָפן אין פאָן־וואַלן, בעאייס יענער איז אַרויס פון צירק. דעם, וואָס האָט געשאָסן, האָט מען גלייך פאַרהאַלטן. דאָס איז געווען הירש לעקערט. פאָן־וואַל איז געבליבן לעבן. אַלזאָ שוין פּאַסירט, און ניט געראָטן.

די פרייד אין דער גאַנצער שטאָט איז געווען גוואַלדיק גרויס. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אויפגעהערט צו באַקרענען זיך וועגן דער פּרינציפּיעלער זייט פון דער זאַך. די בונדיסטן האָבן שטאָלצירט מיטן העלד הירש לעקערט, וואָס איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן דורך דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די אַרבעטערמאַסע האָט פריש אָפּגעאָטעמט. איר קאַמפּס־מוט איז ווידער געוואָרן אויפגעהויבן. די דערשלאָגנקייט איז פאַרשוואונדן.

דער בונדישער קאָמיטעט האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ קורצן און הייסן בלעטל, וועלכער איז אויך דערכגעדרונגען געווען מיט אַ געפיל פון שטאָלץ און נקאָמע. צום סאָף איז נאָר געווען אָנגעוויזן, אַז דער מאָסן־קאַמף פון

גאַנצן קלאַס וועט מאַכן פאַר אוממעגלעך, אַז ס'זאָלן זיך גאָר באַווייזן אַזעלכע נפאַשעס, ווי פאַן־וואַל. מע האָט גערופן צום קאַמף קעגן דער גאַנצער אָרדענונג.

אַלע האָבן פון טאָג צו טאָג געוואַרט אַף יעדיעס, צי וועט פאַן־וואַל בלייבן לעבן אָדער ניט. מע האָט גערעדט צווישן זיך וועגן די פאַרסאַמטע קוילן. פאַן־וואַל איז געבליבן לעבן.

לעקערטן האָט מען אין דער זעלבער נאַכט אַפּגעפירט אין 14־טן נומער. דאָס איז געוועזן די ווילנער טפיסע פאַר ערנסטע פאָליטישע פאַר־ברעכער. די וואַך איז דאָרט געוועזן פון זשאַנדאַרמען. געלעבט האָט זיך דאָרטן ניט שלעכט, אַלנפאַלס, בעסער איידער אין דער געוויינטלעכער טפיסע. פון לעקערטס טפיסע־לעבן און פון זיין פּראָצעס קאָן איך גאָרניט דערציילן. מע האָט גערעדט אין שטאָט, אַז ער האַלט זיך זייער פעסט. קיינע הויז־זוכונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין אַרעסט, זיינען ניט געווען. קיינער איז אַכוץ אים ניט געוועזן אַרעסטירט. די גרופּע איז גלייך צעפאָרן פון שטאָט. דער קאָמיטעט האָט געגעבן דערויף די נויטיקע שטיצע.

דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין דער שטיל. געמישפּעט האָט אים דער מיליטער־געריכט, וואוהין דער איניען איז געווען איבערגעגעבן, לויט די טאַקאָנעס פון פאַרשטאַרקטער שמירע. אַלס פאַרטיידיקער איז אַרויס־געטראָטן, דוכט זיך, דער אַדוואָקאַט באַגינסקי. מיר איז ניט אויסגעקו־מען צו ריידן מיט אים שפּעטער, און קיינע פּראָטים קאָן איך וועגן דעם ניט דערציילן. לעקערט איז געווען פאַרמישפּעט צום הענגען.

אַף מאָרגן נאָך שוואוּעס האָט מען זיך פון פאַרשיידענע זייטן דער־וואוסט וועגן דעם, אַז דער אורטייל איז דורכגעפירט. לעקערטן האָט מען אויפגעהאַנגען. אייניקע פּראָטים וועגן דעם האָט איבערגעגעבן דער קאַ־זיאָנע ראָוו נעמזער, וועלכער איז געווען דערביי. אַנדערע פּראָטים האָבן איבערגעגעבן די אידישע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען־געווען אין יענעם מילי־טערישן טייל, וואָס איז געווען קאָמאַנדירט אַף אָנטייל צו נעמען אין אויס־פירן דעם אורטייל. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז די גאַנצע פּראָצע־דור פאָרגעקומען אַזוי:

אַן ערעך 2 באַנאַכט 10 יוני (דעם 28־טן מאַי אַלט. סטיל) האָט מען הירש לעקערטן אַריינגעזעצט אין אַ קאַרעטע אין אַרומגערינגלט מיט רייטער־זשאַנדאַרמען. מע האָט אים דורכן גרינעם בריק דורכגעפירט פון אַנטאָקאָל אַף סניפּישאַק צום מיליטערישן פעלד הינטער דער שטאָט. דאָרט איז געווען אויפגעשטעלט די טליע. בעאיים אַלץ איז געווען פאַר־טיק איז געגעבן געווען אַ מיליטערישע קאָמאַנדע און ס'האָבן אָנגעהויבן פּויקן די פּויקן. איין סאָלדאַט איז געפאַלן באַלאָשעס. אַז אַלץ איז גע־ווען פאַרענדיקט און מע האָט דאָ גלייך אַפּן אָרט באַגראָבן לעקערטס

קערפּער, איז דער גאַנצער מיליטערישער טייל עטלעכע מאָל דורכגע־גאַנגען איבערן אָרט, קדיי אויסצוגלייכן די ערד, אַז מע זאָל ניט קאָנען געפינען דאָס אָרט.

אַזוי איז דאָס אָרט וויהקלעך פאַרגעסן געוואָרן. עפשער וועט נאָך אַמאָל איינער פון די סאָלדאַטן געפינען די בוימער, צווישן וועלכע ס'איז געווען אויפגעשטעלט די טליע.

.5

פּאָן־וואל איז געבליבן לעבן. לעקערט איז אומגעקומען. דער נעקאָמע־געפיל איז געווען געשטילט. די דערשלאָגנקייט איז פארשוואונדן.

די דיסקוסיע, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן אַרום דער פראַגע אין די בונדישע קרייזן, איז ניט אַזוי גיך איינגעשטילט געוואָרן. די פראַגע האָט זיך געשטעלט אין דער פרעסע, אַף דער 5־טער אַלגעמיינער בונדי־שער פּאַרטיי־קאָנפערענץ. די קאָנפערענץ האָט זיך ארויסגעזאָגט פאַר „אָרגאַניזירטער ראכע", ד. ה. זי האָט ניט אָנערקענט פאַר ריכטיק די טאַקטיק פון ווילנער קאָמיטעט.

די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט ווידער אַמאָל ארויסגערופן א גרויסן טומל אין דער רעוואָלוציאָנערער פרעסע.

קעגן דער רעזאָלוציע און קעגן דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" איז אַרויסגעטראָטן די ציַיטונג „איסקרא" און דער „אינפאָרמאַציאָנס־בלאַט" פון אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד". די פּאָלעמיק האָט זיך געפירט גאַנץ לאַנג, ביז די גאַנצע פראַגע האָט פאַרלאָרן איר אַקטועלע באַדייטונג. די שווערע איבערלעבונגען פון מאַי 1902 זיינען ביסלעכווייז פאַרשוואונדן. עס זיינען געקומען נייע ציַיטן מיט די גרויסע אומרוען אַף דאָרעם־רוסלאַנד, אין די אוניווערסיטעטן. עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער ברייטער פּאָליטישער מאַסן־קאַמף. דער נאָענטסטער בונדישער צו־זאַמענפאָר האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַלע פאָרמען פון טעראָר און האָט אָפּגעוואָרפן אויך די רעזאָלוציע וועגן „אָרגאַניזירטער ראכע".

---

איסאַק מיצקון (קאַרל).

# די ווילנער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" און לעקערטס אַטענטאַט.

## אָפן שיידוועג.

דער בונד האָט אין יענער צייט איבערגעלעבט די כוואַליעס פון וואַקס.

די איזאָלירטקייט פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט גע־שטערט איר אַנטוויקלונג; אַרויסטרעטונגען נאָר פון אידישע אַרבעטער אָן קריסטלעכע זיינען געוואָרן קימאַט אוממעגלעך—די רעאַקציע האָט גע־קאָנט אויסוועקן זיי קעגן זיי גופא. דער „בונד" איז געשטאַנען אָפן שייד־וועג. איניקע זיינען געווען נייטע צונויפגיסן זיך מיט ר. ס. ד. א. פּ. און אַף אַזאַ אויפן פאַרשטאַרקן די אַלגעמיין־רוסלענדישע אַרבעטער־באַוועגונג. די צווייטע האָבן מער געהאַלטן פון פאַרבלייבן אַ נאַציאָנאַלע אַר־בעטער־אָרגאַניזאַציע. אַן אויסוועג האָט מען געפונען אין אַ קאָמפּראָמיס: דער בונד האָט געזאָלט ווערן אַן אויטאָנאָמער טייל פון ר. ס. ד. א. פּ.

אַסאַך צווישן אונז, און אויך איך בעסויכּאַס, האָבן מיט אומגע־דולד געוואַרט אַף דער פאַרווירקליכונג פון דעם דאָזיקן קאָמפּראָמיס, ווילנדיק זיך דערנענטערן צו דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג.

די גראַדליניקייט פון פּ. ס. ד. א. פּ. אין דעם פּראַט, איר ניט וועלן גיין אַנטקעגן דעם דאָזיקן קאָמפּראָמיס איז געווען פון איר זייט אַן אַקט פון קורצזיכטיקער פּאָליטיק, וועלכע האָט מיטגעהאָלפן דעם בונד זיך אָפּ־צורייסן פון דער אַלגעמיינער באַוועגונג.

פאַר די דאָזיקע, וואָס זיינען געווען מער נייטיק צו גיין אַף אַ צו־נויפגיסונג מיט דער ר. ס. ד. א. פּ., איז איר טאַקטיק בעגוועגן צום „בונד" געווען אַ שווערער קלאַפּ.

דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער גרונט, באַ וועלכן כ'איז פאַרגע־קומען די לעקערט־געשיכטע.

## דער קאָמיטעט און די מאַסן.

דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון עטלעכע אינטעליגענטן און אַר־בעטער, סאַכאַקל, דוכט זיך, 6—8 מאַן, וואָס זיינען איבערגעקליבן גע־וואָרן דורך דער צענטראַלער סכאָדקע מיטן אויסנאַם פון איינעם, וואָס

פלעגט באשטימט ווערן פון צ. ק. אין דעם געגעבענעם פאל איז עס גע־
וועזן מ. גורעוויטש, וואס געפינט זיך איצט אין אמעריקע, דער איינציקער
ניט קיין ארטיקער מענטש. די קאנספיראטיווע באדינגונגען האבן ניט
געגעבן דעם קאמיטעט די מעגלעכקייט זיך ענג צונויפקומען מיט דער
ארבעטער־מאסע און אוממיטלבאר איינעמען אירע שטימונגען. פאר־
מיטלונגס־רינגען זיינען געווען די צענטראלע סכאדקע, די פאכאווע סכא־
דקעס, ענדלעך, די פראפאגאנדיסטישע קרייזלעך.

## די פראגע וועגן דער דעמאנסטראציע.

ווען אף דער צענטראלער סכאדקע האט זיך געשטעלט די פראגע
וועגן דער ערשטער־מאי־דעמאנסטראציע, האבן זיך גלייך דערהערט
שטימען: „און ווי האלט עס מיט די קריסטלעכע ארבעטער?" ווען ס'איז
קלאר געווארן, אז אף זיי קאן מען ניט רעכנענען, האט זיך גלייך דער־
פילט, אז די שטימונג איז געפאלן. איניקע האבן אפילע אנגעהויבן
ארויסזאגן ספייקעס, צי איז איבערהויפט מעגלעך אן ארויסטרעטונג אן
זיי. אבער די ספייקעס זיינען צעזייט געווארן. דאך איז געווארן אומ־
מעגלעך צוצוגעבן דער דעמאנסטראציע א קאמפס־כאראקטער. ס'איז בא־
שלאסן געווארן א פרידלעכע דעמאנסטראציע. א פאן האט געדארפט צו־
געגרייט און אין א פאסיקן מאמענט פאנאנדערגעוויקלט ווערן.

## די פראקלאמאציעס אין טעאטער.

די פראגע וועגן פאנאנדערוואַרפן פראקלאמאציעס איז באשלאסן
געווארן, אויב מיין זיקארן נארט מיך ניט אפ, נאר דורכן קאמיטעט.
דער נומער איז דורכגעגאנגען גלענצנד. אין דעם מאמענט ווען פארן
איינפאלן דעם פארהאנג איז פארלאשן געווארן די עלעקטריע, האבן זיך
פון דער גאלעריע א שאט געגעבן בלעטלעך. ווען די פאליציי האט נאכן
אויפהויבן פון פארהאנג זיך א לאז געטאן אף דער גאלעריע, איז זי ניט
געווען אימשטאנד וואס ס'איז פעסטצושטעלן. ארעסטן האט זי געמאכט
אף סמאס.

## די דעמאנסטראציע.

אין דעם טאג פון ערשטן מאי איז געווען גלייך צו מערקן, אז די פא־
ליציי האט זיך צוגעגרייט און גרייט עפיס צו. אין שטאט האט מען אויך
ארייגעבראכט די אויעזד־פאליציי.

בעאיים די ארבעטער האבן זיך אנגעהויבן צונויפזאמלען אף דער דייַ־
טשישער גאס, האט די פאליציי זיך די ערשטע צייט געהאלטן פאסיוו.
זי האט ווי עפעס אויסגעהארט. ס'איז געווען קלאר, זי האט עפעס אויס־

געארבעט א פלאן. אבער אט איז שוין די גאס פול מיט דעמאנסטראנטן, די מאסע באוועגט זיך שוין איבערן בריק, די דעמאנסטראציע האט זיך אנגעהויבן פארמערן, ס'הויבן זיך אן הערן רעוואלוציאנערע אויסרופן, ס'הויבן אן קלינגען לידער. דאמאלס טוט זיך די פאליציי א וואָרף: זי הויבט אן צעטרייבן די דעמאנסטראנטן און גרופעסווייז אפצופירן זיי אין דער פאליציי־פארוואלטונג.

## די עקזעקוציע.

באלד האבן זיך אנגעהויבן פארשפרייטן שרעקלעכע קלאנגען—מע האט געבראכט צוויי וואגנס ריטער, ס'האט זיך אנגעהויבן אן עקזעקוציע.

ס'האט זיך צונויפגעקליבן דער קאמיטעט. וואס טוט מען? ס'איז געווען א פארשלאג זיך אריינצורייסן אין דער פאליציי־פארוואלטונג. מיר זיינען טעכניש ניט צוגעגרייט פאר אזעלכע אקטן. די שטימונג איז געווען א שרעקלעך דערשלאגענע. מע האט זיך פארלארן. מיר האבן ניט געוואוסט, וואס זאלן מיר אונטערנעמען. איינס איז געווען פאר אונז קלאר: אין דעם געגעבענעם מאמענט זיינען מיר ניט אימשטאנד וואס ס'איז צו טאן.

אט ברענגט מען אונז א ידיעה, אז די ארעסטירטע קריסטן שמייסט מען ניט, אז א קריסט — אן ארבעטער האט געפאדערט, ער זאל ניט אייסגעטיילט ווערן פון די אידן. א טרייסט ניט קיין גרויסער.

## די שטימונג בא די מאסן און דער קאמיטעט.

די עקזעקוציע האט פון איין זייט ארויסגערופן אין די מאסן אן אפאטיע און דערשלאגנקייט, פון דער צווייטער זייט טעראריסטישע שטימונגען. דעם קאמיטעט זיינען געמאכט געוואָרן פארשלאגן צו ארגאניזירן א טעראריסטישן אקט. מיר פלעגן אפוואַרפן די דאזיקע פארשלאגן, אנווייזנדיק, אז די גאנצע ענערגיע דארף אנגעווענדעט ווערן אף צו ארגאניזירן מאסנארויסטרעטונגען. דאמאלס האט מען אנגעהויבן פאדערן פון אונז, דער קאמיטעט זאל זיין באהילפיק איין גרופע, וועלכע גרייט צו זעלבשטענדיק, לויט דער אייגענער איניציאטיוו, א טעראריסטישן אקט. א כאך מיטגלידער פון דער ארגאניזאציע זיינען ארויסגעטראטן קעגן דעם קאמיטעט און האבן אים באשולדיקט אין פאכדאנעס און אומטעטיקייט. דער פארשלאג וועגן באהילפיק זיין דער טעראריסטישער גרופע האט ארויסגערופן אין קאמיטעט לאנגע און שטירעמדיקע דעבאטן. איניקע האבן געפאדערט, מע זאל קומען צו הילף דער גרופע. די מערהייט אבער האט זיך ארויסגעזאגט קעגן דעם, ארויסגייענדיק פון זייער פרינציפיעלער באציאונג צום טעראר.

פונדעסטוועגן איז נויטיק צו באַמערקן, אַז די שטימונג בײַ דער מערהייט איז ניט געווען קיין שטאַרק אויסגעהאַלטענע: מע האָט גאָר ניט געטאָן קדיי צו פירן אַ קאַמף מיט די טעראָריסטישע שטימונגען. בײַ מיר אין זיקאָרן האָבן זיך איינגעשניטן כ׳ גורעוויטשעס ווערטער: „דער קאָמיטעט, אַלס אַן אַנשטאַלט, קאָן ניט באַהילפיק זיין דעם טעראָר, נאָר באַזונדערע מיטגלידער, וואָס פילן מיט דעם געגעבענעם אַקט, קאָנען קומען צו הילף—דאָס איז זייער פּערזענלעכע זאַך״.

דעם קאָמיטעטס אָפּזאָג האָט אַרויסגערופן שאַרפע אָנפאַלן מיצאַד דער פּעריפעריע. אָט די דאָזיקע אָנפאַלן האָבן זיך פאַרשטאַרקט נאָך לעקערטס אַטענטאַט. דעם קאָמיטעט האָט מען פאָרגעוואָרפן די שולד דערין, וואָס מע האָט געכאַפּט לעקערטן. דערבײַ פלעגט מען זאָגן: „וואָלט דער קאָמיטעט ניט געשטאַנען אָן אַ זייט, וואָלט די זאַך געווען בעסער אָרגאַניזירט און לעקערט וואָלט געווען געראַטעוועט. אַפילע דער אויפרוף פון צ. ק. וועגן דעם אַטענטאַט האָט אַרויסגערופן שאַרפע אָנפאַלן: פריער האָט איר זיך אָפּגעזאָגט און איצט מאַכט איר דערפון אַזאַ וועזן.

## דער פּאַרטיי־געריכט איבער אַ סאָצ. דעמ. אָפיצער.

אין צוזאַמענהאַנג מיט לעקערטס מיסע איז אויפגעשוואומען אַ אינטערעסאַנטער פּראָצעס. סאַי דער בונד, סאַי די ליטווישע ס״ד פלעגן האָבן אַ פאַרבינדונג מיט איינעם אַן אָפיצער, כלאָפּאָוו, אַ ראָטנער קאָמאַנדיר, וועלכער האָט זיך גערעכנט פאַר אַ ס״ד*). ער איז ניט געווען קיין אָפיציעלער מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע, נאָר מיר האָבן אים געטרויט, ער פלעגט באַקומען ליטעראַטור און טאָן פאַרשיידענע דינסטן, אָפּט זייער ווערטפולע.

לויט דער פאָדערונג פון מעטשיסלאַוו קאָזלאָווסקי איז ער איבערגעגעבן געוואָרן צום פּאַרטיי־געריכט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זיין אָנווענזנד צוזאַמען מיט זיין ראָטע בײַם מיימיסן לעקערטן.

איך בין באַשטימט געוואָרן אַלס איינער פון די געריכטס־מיטגלידער. דאָ האָב איך זיך דערוואוסט פאָלגנדיקע איינצלהייטן וועגן לעקערטס טויט. אָט וואָס בעערעך דער איבנאָנגערופענער אָפיצער האָט געזאָגט:

---

*) לויט ווי ס׳שטעלט פעסט כ. ראַפּעס, איז בעאיים ס׳זיינען פון ווילנע אין 1900 יאָר געשיקט געוואָרן צוויי אַדרעסן־באַגריסונגען דער טעגלעכער צייטונג „סעווערני קור־יער״, וואָס פלעגט דאַמאָלסט דערשיינען אין פּעטערבורג (איין אַדרעס פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, דער צווייטער פון דער אינטעליגענציע מיט כסימעס), איז קימאַט, דוכט זיך די ערשטע כסימע אַפן אַדרעס פון די אינטעליגענטן געווען דער נאָמען כ. כלאָפּאָוו, וועלכע איז שוין דעמאָלט געווען אין די פּאַרטיי־קרייזן באַוואוסט אַלס אַ סאָצ. דעמ. אָפיצער.

„דער באַפעל אָפּצוהיטן די אָרדענונג אַפן מיילטער־פעלד, וואו ס'איז פאָרגעקומען לעקערטס קעפן, האָט זיך באַקומען באַנאַכט, און איך האָב געהאַט די פולע מעגלעכקייט ניט צו גיין אַהין. מיין אָנוועזנהייט דאָרט איז גאָר ניט געווען אַזאַ כויוו. נאָר איך האָב זיך אַליין אַרויסגערופן, האַגאַם איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט זיין זייער שווער פאַר מיר, נאָר איך האָב געוואָלט זיין באַם לעצטן אָטעם פון אַ כאַווער, רעכענענדיק, אַז ער וועט אַף אַזאַ אויפןצווישן דעם פיינטלעכן האַמוין קאָנען דערזעען אייגן, וואָס פילן אים מיט. באַגינען זיינען מיר אַרויס. ווי מיט אַ קאַרע האָבן די סאָלדאַטן אַרומגערינגלט די טליע. ס'איז אויסגעקומען לאַנג צו וואַרטן. אָט פאָרט צו אַ קאַרעטע מיט לעקערטן. ער זעט, אַפּאָנים ניט די טליע. ווען ער איז אָבער צוגעקומען נעענטער און האָט אים דערזעען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַ ביסל אַ רוק זיך געגעבן אַף צוריק. דאָס האָט אָבער געדויערט נאָר איין ווייליע, דערנאָך איז ער מונטער אַרויף אַפן עשאַפאָט. איך בין נעענטער צוגעגאַנגען צו אים. לעקערט איז די גאַנצע צייט געווען פולקום רואיק און מיר האָט זיך גערוכט, אַז ער וועט זייער לייכט שטאַרבן".

באַ די ווערטער האָט זיך דער אָפיציר צעוויינט, ווי אַ קינד.

דער איינציקער איידעס אַפן געריכט, דער מיליטערצאַרצט גוסאַראָוו, האָט באַשטעטיקט, אַז דער באַשולדיקטער כלאָפּאָוו וואָלט באַם פאַרלאַנג געקאָנט ניט אָנוועזנד זיין באַם קעפן לעקערטן.

דער געריכט האָט אים איינשטימיק באַרעכטיקט.

---

ב. דראָזנעס.

# זיכרוינעס.

צום אָנהייב 1902 יאָר האָב איך צוזאַמען מיט נאָך אייניקע כאַווירים, וועלכע האָבן שפּעטער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, זיך זעלבסטבאַשטימט: ניט ציאָניזם, נאָר סאָציאַליזם.

אין יענע צייטן סאַף פאָריקן און אָנהייב איצטיקן יאָרהונדערט פלעגן זיך פירן די לעבעדיקסטע דיסקוסיעס צווישן בונדיסטיש און ציאָניסטיש

געשטימטע עלעמענטן. אזוי, למשל, דערמאן איך זיך, בארזאמלונגען פון ארבעטער־ציאניסטן, אין פארשיידענע טיילן פון שטאט, א גאנצע ריי דיסקוסיעס פאר מער אנטוויקלטע ארבעטער־ציאניסטן אין א ענגען קרייז פון אינטעליגענץ אף די סנעפישקעס (א פארשטאט פון ווילנע), אויך דיסקוסיעס צווישן דער אינטעליגענץ אין דער פראגע פון אידיש און העברעאיש א. א. וו. פון ציאניסטן זיינען אסאך דערנאך פארוואנדלט געווארן אין ס.ס., די קעגנער זיינען אוועק אין „בונד”. דער דאזיקער פעריאד האט ניט ווייניקער געווירקט אפן „בונד” אין זין פון אויסארבעטן זיין פראגראם אין דער נאציאנאלער פראגע.

די דאזיקע אלע דעבאטן, וויקוחים, שטרייטן האבן אויסגעקריסטאליזירט מיין סאציאליסטישע וועלט־אנשויאונג, און צום 1902 יאר האב איך פעסט באשלאסן: ניט ציאניזם, נאר סאציאליזם. אין דער ארגאניזאציע בין איך אבער נאך ניט ארייגעטראטן; ניט אזוי גרינג איז עס געווען אין יענע צייטן צוגענומען ווערן אהין. איך האב דעריבער אליין גערוימט וועגן דער ארבעט אין דער ארגאניזאציע, וועגן אפגעבן אלע קרעפטן דעם ארבעטער־קלאס.

---

די אידישע ארבעטער אין ווילנע האבן זיך געגרייט צו דער מאי־דעמאנסטראציע פון 1902 יאר. אויסער דער גאסן־דעמאנסטראציע, האט מען באשלאסן אין שטאט־טעאטער, בעאיים דער פארשטעלונג, פאנאנדערווארפן פון דער גאלעריי איבערן גאנצן טעאטער פראקלאמאציעס, אזוי, אז קיין איין ווינקעלע זאל ניט בלייבן און אן אומלעגאלן אויפרוף. יאקאוו סובאטניק *) האט מיר פארגעלייגט, ווי א „מיטפילנדיקן”, אנטייל נעמען אין דער טעאטער־דעמאנסטראציע. איך האב מיט פרייד מאסקים געווען. אינגאנצן האבן אין איר געדארפט אנטייל נעמען א מאן צען,— אלץ אזוי גערופענע אינטעליגענטן. מע האט אפגערעדט, אז דער צענדליק דארף ניט זיין אף דער גאסן־דעמאנסטראציע: אניט וואלט, אין פאל פון גרויסע ארעסטן, ניט געקאנט פארקומען די דעמאנסטראציע אין טעאטער. דער באשלוס איז געווען א קלוגער, איך האב אבער בא זיך באשלאסן זיין אף ביידע דעמאנסטראציעס,—ס'האט געצויגן אין גאס, צום אוילאם, אין געדיכטעניש פון די ארבעטער,—און א זייגער אכט אין אוונט בין איך אוועק אף דער „דייטשישער” גאס.

די זון איז פארגאנגען, נאר קיין פייער האט מען נאך ניט אנגעצונדן. די קלייטן האט מען אף גיך פארמאכט, און דורך די לאדן האבן ארויסגעקוקט די נייגעריקע און דערשראקענע פענימער פון די באלעבאטים.

*) געשטארבן אין 1920 אין כארבין.

די באַלקאָנען פון די בורזשואַזע דירעס זײַנען פול געווען מיט מענטשן, וועלכע זײַנען געקומען אַ קוק טאָן, ווי די פאַרהאַסטע אַרבעטער—שיסטער, שנײַדער און מאַליערס וועלן עס האָבן די האָזע צו קעמפן מיטן אַלמעכטיקן צאַרישן כאַטראַפּ פּאָן־וואַלן.

בײַ דער דײַטשישער גאַס ליגן אַ סאַך געסלעך, שמאָלע, קרומע,—די אומגליקלעכע געטאָ פון דער אידישער אָרימקײַט, און פון די דאָזיקע אָרטעריעס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען צו דער דײַטשישער האַנדלס־גאַס שורעס פון אידישע אַרבעטער, יאָמטעוודיק אָנגעטאָן; ס'האָבן זיך געצויגן מאַסן פּראָלעטאַריער, אײַנגעטראַכטע, פאַרטיפטע אין זיך, ערנסט און געהײמניספולע אין זייער אײַנגעטראַכטקייט.

פון אַלע זײַטן גיסן זיך אַריין נאָך און נאָך מאַכנעס פון דרייסטע, אַנטשיידענע. די גאַס ווערט אַלץ מער און מער פאַרפולט מיט זיי. די טראָטואַרן זײַנען פול און ס'איז שוין שווער צו גיין איבער זיי. די טראָטואַרן נעמען אין זיך ניט אַריין אַלעמען, און די מיט פון גאַס־הויפּט איז אָן פאַרפולט צו ווערן, און די גאַנצע גאַס פון איין עק ביזן צווייטן שטעלט פאַר מיט זיך אַ ים פון מוטיקע, צונויפגעשמידטע צווישן זיך קעמפער. די אײַנגעטראַכטקייט ווערט פאַרשוואונדן, מע הערט שמועסן, באַבטעס.

ס'איז צײַט... מער קאָן מען ניט וואַרטן. אָט איז פון דער פּאָליציי־פאַרוואַלטונג דורכגעלאָפן אַן עסקאַדראָן קאָזאַקן מיט שפּיזן און האָט זיך אויפגעשטעלט אין צווייטן עק גאַס, אויפן טעאַטער־פּלאַץ. ס'איז קלאָר, אַז די דעמאָנסטראַנטן געפינען זיך אין קלעם: אויף איין עק—דער עסקאַדראָן קאָזאַקן, אויפן צווייטן—די פּאָליציי־פאַרוואַלטונג, וואו אין גרויסן היף, איז, בלי ספק, אויך פאַראַן מיליטער. מע טאָר ניט וואַרטן, די אַטמאָספער ווערט געדיכטער. אָט ווענדט זיך אַ פּאָליציי־מאַן מיט עפּעס אַ פראַגע צו אַ דורכגייער, און ווי אַן ענטפער וואַרפט אים איינער שאָבן דעם איפרוף: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג“, אונטערגעכאַפּט דורך אַ הויכן „הוראַ“. מיר גייען ווייטער צום טעאַטער־פּלאַץ.

פּלוצים איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם דורכגעלאָפן דורכן אוילאָם,—אַ שטראָם, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז אין צווייטן עק גאַס איז עפּעס פאָרגעקומען. אָט יאָגט צוריק דער עסקאַדראָן קאָזאַקן. פון אומעטום האָבן זיך אַרויסבאַוויזן פּאָליציי־לײַט, סטרוזשן מיט שטעקנס. וואָס איז געשען? איך גיי צוריק, און וואָס נעענטער איך קום צו דער מיט גאַס, אַלץ מער איבערצײַג איך זיך, אַז בעאיים איך בין געווען אויף איין אָרט, האָט מען אויפן צווייטן דעמאָנסטרירט, און איצט זײַנען די אַרבעטער אָפּגעגעבן אויפן ווילדן ווילקיר פון פּאָן־וואַלס משרתים.

אָט האָט אַ גרופּע געזונטע פּאָליציי־לײַט געכאַפּט אַן אַרבעטער,

שלאָגט אים איבער די הענט, איבער די פיס, איבערן קאָפּ, דער אַרבעטער איז פאַרבלוטיקט, דאָס בלוט רינט איבער די שטיינער, מע שלעפּט אים אַף אַ דראָשקע און מע שלאָגט אים אַלץ איבערן קאָפּ, מע שלאָגט ביז די דראָשקע פאַרשווינדט הינטערן ווינקל—צו דער פּאָליציי־פאַרוואַלטונג. אָט האַלט אַ פּאָליציי־מאַן אין זיינע שמוציקע הענט די רויטע פאָן, די פאָן פון רעוואָלוציע, פון אַרבעטער... אָט פירט אַ צווייטע גרופּע פּאָליציי־לייט אַן אַרעסטירטן אַרבעטער, דאָרט נאָך, נאָך...

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, האָט מען באַזונדערס שטאַרק געשלאָגן הערלונג דעם מאַליער, דעם פאָנענטרעגער, וועלכן מע האָט, אַ שרעקלעך־צעשלאָגענעם, אַרויפגעוואַלגערט אַף דער דראָשקע, נאָר ער האָט זיך שטאַרק געהאַלטן פאַר דער רויטער פאָן און האָט זי אָפּגעגעבן ערשט דעמאָלט, ווען ער איז געבליבן באַלאָשעס.

ווי איז דאָס פאָרגעקומען, אַז אַ טייל אַרבעטער האָט אַרויסגעוואָרפן רויטע פאָנען (פאָנען איז געווען צוויי: איינע פון די אַרבעטער, די צווייטע—פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע) און האָט אָנגעהויבן דעמאָנסטרירן פריער איידער אַלע האָבן זיך צונויפגעקליבן אַף איין אָרט?

מיר דוכט, אַז די פראַגע איז געבליבן אָן אַן ענטפער, ווייל צו גרויס זיינען געווען די געשעענישן פון מאָרגענדיקן טאָג, קדיי די אָרגאַניזאַציע זאָל זיך קאָנען פאַרנעמען מיטן קלאָר מאַכן די פראַגע וועגן דער דעמאָנסטראַציע. נאָר מיר האָט זיך ציפּעליק איינגעגעבן דערגיין איניקע פּראָטים וועגן דעם.

אין עטלעכע כאַדאָשים אַרום בין איך געזעסן אין טפיסע אין איין קאַמער מיטן כ׳ באַטווינניק, וועלכער איז אַרעסטירט און פאַרמישפּעט געוואָרן צו צוויי יאָר איינזאַמער טפיסע פאַרן אָנטייל אין דער אויבנבאַשריבענער דעמאָנסטראַציע; ער האָט מיר דערציילט:

— ... די לאַגע ווערט שווערער דורך דעם, וואָס איך בין שולדיק, וואָס די דעמאָנסטראַציע האָט זיך ניט גאָר איינגעגעבן. איך בין דאַן געווען אויפגערודערט אַפן לעצטן גראַד, און האָב ניט באַהערשט מיינע נערוון,—איך, כאָווער, האָט נאָך ניט פאַרזוכט דעם טאַאַם פון אָרגאַניזאַציע, איך האָט נאָך אַפילע ניט אָנטייל גענומען אין דער אָרגאַניזאַציע און אַף אַלץ קוקט איך דורך ראָזיקע ברילן. דאָרט אין דער אָרגאַניזאַציע זיינען בלי ספק פאַראַן אַ סאַך וואוילע, פיינע כאַווירים, וועלכע מע קאָן דורכן גאַנצן לעבן ניט פאַרגעסן, ס׳זיינען דאָרט אָבער אויך דאַ קליינלעכע נאַטורן מיט אַ קרענקלעכער אייגנליבע און ערנליבע. די לעצטע האָבן מיר שרעקלעך דערעסן, ס׳איז דערגאַנגען צו אַ פּאַרטיי־געריכט, אין סאָפּקאָלסאָף האָבן זיך מיינע נערוון צעשפּילט, און ס׳האָט זיך געגלוסט אַרויסוואַרפן אַף זיך אַן אומדערטרעגלעכע מאַסע, וועלכע האָט געדאַרפט

אַף צולאַכעס די, וואָס האָבן מיך באַשולדיקט, דערווייזן מיין אומבאַגרענ־ניצטע איבערגעגעבנקייט דער אָרגאַניזאַציע. און אָט, אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך, אַן אָנטיילנעמער פון דער דעמאָנסטראַציע, פאַרגעסן, אַז ניט איך דאַרף זי אָנהייבן און מיט איר אָנפירן, אַז צוליב דעם זיינען באַשטימט ספּעציעלע באַוויירים, וואָס דער קאָמיטעט האָט זיי געגעבן גענויע דירעקטיוון,—איך האָב פאַרגעסן אָן אַלץ אַף דער וועלט, און אַ געוויסן מאָמענט, ווען די אַטמאָספער אין גאַס איז געדיכט געוואָרן ביזן לעצטן גראַד, בין איך אַרויסגעלאָפן אין מיטן גאַס, האָב נאָך זיך נאָכגעצויגן נאָך באַוויירים, איך האָב אַ געשריי געטאָן: „אַראָפּ מיט דער זעלבסט־הערשונג”, אונז האָבן אַרומגערינגלט צוגעקומענע באַוויירים, דערנאָך האָבן אויפגעפלאַמערט די פאָנען און מיר האָבן אָנגעהויבן מאַרשירן; מיר זיינען אָבער אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער גאַנצער איבעריקער מאַסע, וועלכע וואָלט נאָך באַדאַרפן צונויפזאַמלען זיך אַרום אונז. דעריבער איז די סאָלדאַטן ניט שווער געווען זיך ספּראַווען מיט אונז, אונז שמייסן, צושלאָגן און ווילדעווען.

ערשט אין טפיסע האָב איך זיך דערוואוסט די אַלע פּראַטים...

פון גאַס בין איך אַוועק אין שטאָט־טעאַטער. די פאָרשטעלונג איז שוין געגאַנגען. איך האָב איבערגעגעבן יאַקאָוו סיבאַטניקן וואָס איך האָב געזען אין גאַס. אַפילו האָט מען ניט געטאָרט. מע האָט געמוזט צוטרעטן. פינף באַוויירים האָבן זיך אויסגעזעצט אַף איין זייט פון דער גאַלעריע, פינף—פון דער צווייטער זייט; די איבריקע זיינען צונויפגעליינט געוואָרן ווי אַ פּאַכער; אַזוי אַז אויב מע זאָל זיי אַ וואָרף טאָן מיט אַ ברייטער באַוועגונג פון האַנט, האָבן זיי זיך געדאַרפט צעפליען איבערן גאַנצן טעאַטער, דער איקר, ווען מע זאָל נאָר, ווי מע האָט אָפּגערעדט, וואַרפן גלייכצייטיק פון ביידע זייטן: פון רעכטס און לינקס. פון לינקס האָט געדאַרפט וואַרפן כ' אַלפּעס, פון רעכטס—סיבאַטניק. באַ מיר מיט סיבאַטניקן איז געווען אָפּגערעדט: איך וועל זיצן, ער וועט שטיין; פאַרן מאָמענט פון וואַרפן די אויפרופן וועל איך, אַלץ זיצנדיק, זיך איינבייגן מיטן אויבערשטן טייל פון קערפער אַף צוריק, און אַף אַזאַ אופן וועט זיך באַפרייען דער אויבערשטער טייל פון מיין אָרט; דעמאָלט וועט סיבאַטניק צוגיין דורכן פּוסטן כאַלאַל, וואָס וועט זיך בילדן, וועט אַ וואָרף טאָן די אויפרופן און וועט אַוועקגיין, און איך וועל ווידער פאַרנעמען די נאָרמאַלע ווייזלאַגע.

דער אַנטראַקט ענדיקט זיך, מע טאָר ניט אָפּהאַלטן, איך לייג פאַר סיבאַטניקן מיין טירכע צו שרייען „אַראָפּ מיט דער זעלבסט־הערשונג” און אַנד., נאָר ער—דער דיקטאַטאָר—באַשליסט זיך באַגיין אָן אויסגעשרייען. מיר טרעטן צו. אָט הייבט אָן כ' אַלפּעס פון דער צווייטער זייט. איך

ביג זיך אָן צו דער זעלבער צייט, ווי מע האָט אָפּגעערדט, אַף צוריק; כובאָטניק גייט געשווינד צו, וואַרפט פון דער הויך די צוגעגרייטע בלעטלעך און מיט דער זעלבער געשווינדקייט גייט ער אַוועק אַף אַן אַנדער אָרט, איך כאַפּ זיך אויף און זע:

דער גאַנצער טעאַטער איז פול מיט אויפרופן, ווי ווייסע שוועלבעלעך טראָגן זיי זיך פון אויבן אַראָפּ, פאַרפליען אין די לאָזשעס, אַפן באַלקאָן, דערפליען ביזן פּאַרטער,—מיט צוטרוי ליגן זיי זיך אויף די פליכן פון די בורזשועס, אַף די ווענטלעך פון די בענקלעך, ליגן זיך היימלעך פאַנאַנדער אַף די פאַרענטשעס פון די לאָזשעס. דער עולם כאַפּט די אויפרופן, לייענט זיי; איניקע ליגן זיי אין די קעשענעס, אַנדערע קוקן זיך דערשראָקן אַרום...

ס'האָט זיך געטראָפן אַזוי, אַז פּאָן־וואַל נאָכן שווערן שטיקל אַרבעט פון דערשטיקן די גאַסן,,אומרוען''—איז אַריינגעגאַנגען זיך אָפּרוען אין זיין לאָזשע אין טעאַטער סאַמע אין דער צייט,ווען די בלעטלעך האָבן זיך געטראָגן אין דער לופטן, און נאָר וואָס ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, ווי אַ שוועלבעלע—אַן אויפרוף האָט צוגעאײַלט צו אים און ווי געזאָגט:

— און איך פאַל בא זיך ניט אַראָפּ!

ס'איז גלייך אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל אָפּצוריינִיקן דעם טעאַטער פון די קראַמאָלנע בלעטלעך, נאָר— לײדער—איז שוין געווען ווייניק בלעטלעך: ס'ראָוו האָט מען שוין באַהאַלטן אין די קעשענעס.

די גאַלעריע האָט מען גלייך אַרומגערינגלט מיט אַן אײַזערנע קייט פון פּאָליציי־לייט. איך האָב געפּרואווט אַרויסגיין, נאָר דער אָקאָלאָטאָטשנער מאַרטינאָוו (ווער פון די ווילנער טוער פון יענער צייט געדענקט ניט מאַרטינאָוון, וועלכער פלעגט געוויינלעך שטיין אַפן ראָג פון דער דייטשישער און גרויסער גאַס און איז פאַר זיין קאַמף מיט דער קראַמאָלע שפּעטער געוואָרן אַ פריסטאַוו) האָט מיר זייער העפלעך פאַרגעלייגט אויסהערן די פּיעסע ביזן סאָף: ס'טרעט דאָך אַרויס אַ באַרימטער גאַסטראָליאָר און מיך קען ער, מאַרטינאָוו, ווי אַ פאַרקאָכטן טעאַטראַל. איך האָב העפלעך באַדאַנקט...

נאָכן ספּעקטאַקל האָט מען פון דער גאַלעריע אַרעסטירט אַ מאַן 30, צווישן וועלכע ס'איז געווען דער גאַנצער צענדליק, וואָס איז ספּעציעל געקומען קדיי די ,,וואַרפּערס''פון די אויפרופן זאָלן זיין אַרומגערינגלט מיט אייגענע מענטשן. ס'פאַרשטייט זיך, אַז מאַרטינאָוו, וועלכער האָט שוין פון לאַנג אַף מיר געקוקט קרום אין גאַס, האָט מיך אויך אַרעסטירט. אונטער אַ פאַרשטאַרקטער וואַך האָט מען אונז שפּעט באַנאַכט געבראַכט

צייטן אין פארצייט־פאראיאלטונג, ארייגעוואָרפן אין א קאמערע און פארשלאָסן נאָך אונז די טיר.

מיר האָבן זיך ארומגעקוקט: נאַרעס און א „פאראשע״—דאָס איז דאָס גאַנצע מעבל פון דער קאמערע. מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אַף די הילצע ברעטער שלאָפן—ס׳איז האַרט; נאָר ניט אַלע האָבן זיך געקאָנט אויסלייגן אַף די נאַרעס, האָבן זיך די איבעריקע אוועקגעלייגט אַף די שלאָפנדיקע. גאַנץ פרי האָט מיך אויפגעוועקט א טומל. איך כאַפּ זיך אויף, לויף צו צום פענסטער, וואָס גייט אָרום אין הויף, און זע:

דער הויף איז פול מיט אידישע ארבעטער, א סאַך האָבן מיט אייגענע מיטלען איבערגעבונדן די קעפּ, די הענט, פון אייניקע פענימער איז נאָך ניט אָפּגעוואַשן דאָס פאַרטריקנטע בלוט... נאָר זיי זיינען מוטיק, פריילעך, טומלדיק. דאָס זיינען געווען די ארבעטער, וועלכע מע האָט ארעסטירט אַף דער געכטיקער דעמאָנסטראַציע (צווישן זיי איין אינטעליגענט: כ׳ באָטווינניק), וועלכע מע האָט איצט דערלויבט אַף 5 מינוט ארויסגיין אפן הויף ארויסטראָגן די פאראשע. מיט נייגעריקייט קוק איך אַף זיי: דאָס ערשטע מאָל זע איך אַרבעטער־סאָציאַליסטן.

נאָר די פינף מינוט פון שפּאַציר ענדיקן זיך און מע טרייבט זיי ווידער אין קאמער ביז מאָרגן אין דער פרי.

איך ווייס ניט, ווי צו אינז איז דערגאַנגען דער קלאַנג, אז די דעמאָנסטראַנטן וועט מען שמייסן. מיר האָבן ניט געגלויבט דעם קלאַנג, נאָר ווען אַרום 12 א זייגער דעם צוועלפטן טאָג איז געבן אונזער פענסטער מיט גראַמעס פאַרביי־געפאָרן א סאָלדאַטער וואָגן מיט גרויסע סאָלדאַטע רוטעס, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ס׳וועט געשען עפּעס שרעקלעכעס.

...די עקזעקוציע איז פאָרגעקומען אין קאָרידאָר פון אונזער קאמערע. אָנגעפירט מיט איר האָט פאָן־וואַל אַליין. ס׳איז ביי געווען דער שטאָטהאַלטער מיכאַילאָוו (וועלכן איך האָב געזען אין 1917 י. אין באַרקאָווענקעס און שמאָרק).

מע האָט געשמיסן אַלע ארעסטירטע אַף דער גאַס־דעמאָנסטראַציע, אויסער די כ״ב באָטווינניק און הערשל דעם פריקאַזשטשיק. זיי ביידע האָט מען אויסגעטיילט; די ערשטע האָט מען נאָך דער עקזעקוציע באַפרייט, און זיי האָט מען פאַרמישפּעט צו צוויי יאָר איינזאַמער טפיסע, פאַרדעם בעקענדיק די זיבן כאַראַשים, וואָס זיי זיינען אָפּגעזעסן אין טפיסע ביז דער מישפּעט איז פאַרענדיקט געוואָרן. ביזן אורטייל זיינען זיי געזעסן אין אַן איינצעלנער קאמערע אין דער ווילנער טורמע אַף אַנטאָקאָל, דערנאָך האָט מען זיי איבערגעפירט קיין פעטערבורג אין קרעסטי. באָטווינניקן האָט מען געמישפּעט, ווי דעם אָנפירער פון דער דעמאָנסטראַציע; הערשל דעם פריקאַזשטשיק, ווי דעם באַטייליקטן.

ס'איז שווער צו באַשרייבן די שרעקן פון דער עקזעקוציע... דאָס פּייפן און די קלעפּ פון די ריטער האָט מען קלאָר געהערט אין אונזער קאַמער; פאָן־וואַל האָט קאַלטבלוטיק געקאָמאַנדעוועט:

— זעלטענער, זעלטענער! איינס, צוויי, דריי... איינס, צוויי... זעלטענער, זעלטענער! —

דער פּיין פון די געשמיסענע איז געווען ניט צו באַשרייבן. פון זייער ברוסט האָבן זיך אַרויסגעריסן קרעכצן, קרעכצן פון פּיזישן און מאָראַלישן ווייטאָג. נאָר מע מוז צונויפקלייבן אַלע גייסטיקע קויכעס, אַלע מעגלעכקייטן און ניט שרייען, ניט דערנידעריקן זיך, — מע דאַרף זיין שטאָלץ, האַרט, — און די קרעכצן ווערן איינגעשטילט. אָבער, ניט לאַנג: פּלוצים דערהערט זיך אַ שרעקלעכער, אַלץ דורכדרינגענדיקער און ווייטאָגדיקער געשריי. דער געשריי פאַרשטאַרקט זיך און פאַרשטאַרקט זיך, — ער האָט שוין ניט קיין גרעניץ, קיין מאָס, — און מיט אַ מאָל ווערט דער געשריי איינגעשטילט, אינגאַנצן אַנטשווגן... וואָס איז מיט אים? ער פילט שוין עפּשער ניט קיין ווייטאָג? ער איז געפאַלן כאַלאָשעס? אָדער ער האָט ניט אויסגעהאַלטן און איז געפאַלן האַלבטויט אונטער דער לאַסט פון שאַנד? אַ מינוט פון שרעקלעכער שטילקייט... מע הערט נאָר דאָס פּייפן פון די ריטער און פאָן־וואַלס הייזעריקע שטים:

— איינס, צוויי, דריי... שטאַרקער, זעלטענער! שטאַרקער, זעלטענער! איינס, צוויי, דריי...

פּלוצים פאַרהילכט אַ מעשוגענער געשריי די ווענט: די אויסגעפּייניקטע נעשאָמע פון אַן אַרבעטער — אַ כאָציאַליסט וויינט, וואַרפט זיך, זוכט אַן אויסוועג, טויט, נעקאָמע... ניטאָ קיין גרעניץ צו דער שאַנד, ניטאָ קיין סאָף צו די ליידן!

און דאָקטאָר מיכאַילאָוו פּרוּווט דעם פּולס פון געפּייניקטן און גיט איבער פאָן־וואַלן:

— מע קאָן נאָך...

פאָן־וואַלס אַכזאָריעס האָט ניט געהאַט קיין גרעניץ: דעם פּילבאַרן גוטן, איידעלן באָמווינּיקן און דעם אוממיטלבאַרן הערשל דעם פּריקאַזטשיק האָט ער געצוואונגען מיט באַוואָפנטער קראַפט בייזיין בא דער עקזעקוציע פון אַלע זייערע כאַווײרים, פון ערשטן ביזן לעצטן...

איך האָב זיך אָפּט געשטעלט די פראַגע: ווי איז דאָס פאַרגעקומען, אַז מיר אין אונזער קאַמער האָבן ניט פּראָטעסטירט קעגן דער עקזעקוציע. קדיי געבן אַן ענטפער, ווענד איך זיך צום צוזאַמענשטעל פון אונזער קאַמער. פון די, אַן ערעך, דרייסיק מאַן — האָבן צוואַנציק ניט געהאַט קיין שום שאַיכעס ניט צום כאָציאַליזם, ניט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג — דאָס זיינען געווען באַלעבאַטים, וועלכע האָבן זיך געכידעשט:

ווי האבן זיי עס געהאנט אריינפאלן מיט אונז אין איין קאמפאניע. פון די איבעריקע צען מאן זיינען נאר צוויי געווען מיטגלידער פון דער אָר־גאניזאציע,—סובאטניק און מענליעך, אלפעס,—איז דאס אזוינע, וואס זיי־נען ערשט אריין אין דער באוועגונג, נאך ניט באוויזן צו קריגן די רע־וואליוציאנערע דערפארונג; די איבעריקע אכט מאן זיינען געווען „מיט־פילנדיקע", און שפעטער האבן נאר דריי פון זיי אנטייל גענומען אין דער ארבעטער־באוועגונג,—צוויי נאר ביזן 1905 יאר, איינער (דער שרייבער פון די שורעס) אויך נאכן 1905 יאר. ס'איז קלאר, אז אזא באַ־שטאנד פון דער קאמער איז ניט בעאיק געווען צו א פראטעסט־ארויס־טרעטונג.—אויסער דעם, האט אונזער קאמער ניט געוואוסט, אז זי וועט „באגנעדיקט" ווערן,—מיר האבן געקלערט, אז אונז וועט מען אויך פיי־ניקן. דאס אליין איז פאר אונז געווען אזוי אומדערווארטעט, אזוי מוידעריק, ווי א שווערער קאשמאר, וועלכער דריקט, שטיקט און גיט ניט קיין מעג־לעכקייט זיך באטראכטן, ארומקוקן, פאנאנדערקלייבן זיך אין דעם, וואס צו טאן, ווי צו האנדלען... מיר זיינען געווען דערשלאגן, צעדריקט מיט דעם, וואס ס'איז געשען, און אין דעם מאמענט האבן מיר ניט באַ־וויזן זיך אויסצוגלייבן.

---

און ווי האט זיך געענדיקט דער איניען מיטן פאנאנדערווארפן פראָ־קלאמאציעס אין טעאטער? געענדיקט האט זיך עס אזוי: אין אן אנדערט־האלבן וואכן ארום האט מען א טייל (סובאטניקן און מיר בסך־הכל) באַ־פרייט, און פינף האט מען איבערגעפירט אין טפיסע און פארמישפעט צו פארשיקן אין סיביר, אויב איך האב קיין טעות ניט אויף 5 יאר יע־דערן. די זשאנדארמעריע האט זיך אפגעשטעלט אויף די פינף צוליב פאל־גנדיקע סיבעס:

כ' אלפעס האט געווארפן אויפרופן בלייבנדיק דערביי זיצן אויף זיין ארט, און דעריבער האבן די „שפיקעס" אים געקענט גרינגער באמערקן, ווי סובאטניקן, וועלכער האט צעטיילט די ארבעט צווישן זיך און מיר. און, בעיקעס, ווען דער זשאנדארמען אפיציר פאסטרולין האט אויסגע־פרעגט יעדן פון אונז, איז דערביי געווען עפעס א פרוי, וועלכע האט מאכע דערקענט אלפעסן. די איבריקע פיר זיינען דורכגעפאלן אראָפּ ווייער ניט קאנספיראטיווקייט. בעאיס דער אונטערזוכונג אויף דער נאַ־לעדייע נאכן ארעסט האט מען צווישן אנדערע געפונען צעריסענע שטיק־לעך פאפיר, וועלכע האבן אין סך־הכל געבילדעט א צעטעלע מיט לערעך אזא אינהאלט: „קום היינט אין טעאטער, דארט וועט זיין א דעמאנס־טראציע, ס'וועלן אויך זיין געמזער, רעכעס".—אפן כמאך פון דעם צע־טעלע זיינען די פיר פאראורטיילט געווארן. דער צוזאמענשטעל פון די

פאראורטיילטע: אלפעס (הובט זיך, א דאנטיסט), נעמזער (אקושערין), רעבעס (דאנטיסט) און נאך צוויי אקושערינס, וואס זייערע פאמיליעס האב איך פארגעסן.

---

מיך האט מען באפרייט... אין זיקארן שווימט אויף א העלזיניקער פרילינג-פרימארגן, ווען פון מויל צו מויל האט מען איבערגעגעבן די גליקליכע בשורה: געכטן באנאכט, ווען פאן-וואל איז ארויסגעגאנגען פון צירק, האט אין אים געשאסן אן אידישער ארבעטער הירש לעקערט... וואס דער דאזיקער נאמען האט באדייט פאר די אידישע רעוואלוציאנערן פון צוויטן דאר! ווי ער האט אונז באגייסטערט, ווי מיר האבן שטאלצירט מיט לעקערטן און ווי מיר האבן שטאלצירט מיט יענער רעוואלוציאנערער באוועגונג, וועלכע האט אויסגעהאדעוועט לעקערטן און פארוואנדלט אים פון א דערנידעריקטן פאריער-שוסטער, וועלכער איז געווען אנאלפאבעטיש אפילו אף אידיש, און א העלד, וואס איז זיך מאקריוו. לעקערט האט פערסאניפיצירט פאר אונז די גאנצע אידישע ארבעטער-מאסע, די דערנידעריקטע און באליידיקטע ביז דאן, און וועלכע האט זיך אינטער דער מאגישער ווירקונג פון די רעוואלוציאנער-סאציאליסטישע אידייען, פארוואנדלט אין א גרויסן רעוואלוציאנערן קויאך...

ס'האט זיך געטראפן אזוי, אז איינמאל אין א שאבעס-פרימארגן, ווען איך האב אין אן ארבעטער-קעלער-שטוב געלייענט דעם שרעקלעכער רעוואלוציאנערן זשאבאון, איז אריין פאליציי, האט געמאכט אן אונטערזוכונג, געפונען אומלעגאלע ליטעראטור, און מיר זיינען אריינגעפאלן אין אנטאקאלער טורמע.—דארט האבן מיר געטראפן א גרויסע גרופע אידישע לעדער-ארבעטער פון סמארגאן, די כ״ב באטוויניק און הערשל דעב פריקאזטשיק, וועלכע זיינען ארעסטירט געווארן אף דער דעמאנסטראציע, עטלעכע פוילישע ארבעטער און איינעם א אידישן ארבעטער, לעקערטס א כאווער פון דעם אטענטאט אף פאן-וואלן.

ניט דעם נאמען, ניט די פאמיליע פון לעקערטס כאווער געדענק איך ניט; אין טפיסע האבן מיר אים גערופן דער „מילנער״. פון אים האב איך זיך דערוואוסט, אז אינגאנצן האבן זיך געגרייט צום אטענטאט אף פאן-וואלן זעקס מאן: פיר אידישע און צוויי פוילישע ארבעטער. זיי אלע זיינען געווען פארבונדן צווישן זיך און האבן געארבעט אין קאנטאקט: אלע אוונט האבן זיי פאנאנדערגעטיילט צווישן זיך פארשיידענע ראיאנען קדיי צו שפירן נאך פאן-וואלן,—דעם צירק, באטאנישן גארטן, פאלאץ, טעאטער א. אז. וו.

אים, דעם „מילנער״ האט מען ארעסטירט אף דער גאס און מע האט אים כוישעד געווען אין מיטארבעט מיט לעקערטן; מע האט אים

לאַנג געהאַלטן אין טפיסע, נאָר קיין שום באַוויזן קעגן אים האָט מען ניט געהאַט, און סאַפּקאָלסאָף האָט מען אים באַפרייט.

מילנער האָט זיך ניט פאַנאַנדערגעקליבן און האָט זיך ניט געוואָלט פאַנאַנדערקלייבן אין די טעאָרעטישע וויקוחים וועגן טעראָר. ער האָט געוואוסט נאָר איין זאַך: ער, דער מילנער, מוז הארגענען פאָן־וואַלן. ער האָט זיך ניט געקאָנט מוחל זיין, פאַר וואָס האָט ער דעם מאָל אָפּגעטראָטן לעקערטן דעם צירק, און זיך גענומען, דאַכט זיך, דעם פּאָטאַניישן גאָרטן,—ס'איז געווען זיין צייט צו דעזשורירן באַם צירק, נאָר לעקערט האָט אים געבעטן זיך בייטן מיט די ערטער, און גראַדע דעם אָוונט איז פאָן־וואַל געקומען אין צירק. אַף דער אָרגאַניזאַציע איז ער געווען בייז ביז גאָר,—ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין די סיבעס,—פאַרוואָס דער קאָמיטעט האָט זיך אָפּגעזאָגט צו אָרגאַניזירן אַ טעראָריסטישן אַקט, און האָט אַלץ געכאַזוערט: „ניט דאָס האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, ווען איך בין געפאָרן אין שטאָט אַריין“. מיר אין טפיסע האָבן אויך גענוג געהאַט פון אים: פאַרוואָס טוען מיר גאָרניט? פאַרוואָס זאָלן מיר זיך ניט אַרויפוואַרפן אַף דער וואַך, אַנטוואָפענען זי און באַפרייען אַלע אַרעסטירטע? פאַרוואָס זאָלן מיר ניט איבערזעגן די גראַטעס און אַף שטריק זיך אַראָפּלאָזן צום טייך ווילִיע, וואו ס'וועלן אַף אונז וואַרטן שיפלעך און— זיי געזונט, די טפיסע! און פאַרוואָס „שלאָפט“ מען אַף דער פריי און מע מאַכט ניט דאָס צווייטע מאָל קיין אַטענטאַט אַף פאָן־וואַלן?....

אין טפיסע האָב איך אָנגעהויבן באַמערקן, אַז דער מילנער שמועסט אַמאָל בעסאָד פון די טפיסע אויפזעער מיט אַ פּאָשעטן פאַרבלאָזן באָכערל פון די קרימינעלע. אינגיכן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער פאַרבלאָזער באָכער איז איינער פון יענע צוויי פּוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט די 4 אידישע אַרבעטער, לעקערט בעסויכאָם, אָנטיילגענומען אין אַטענטאַנט אַף פאָן־וואַלן. דער ראָזיקער פּוילישער אַרבעטער איז אויך אַרעסטירט געוואָרן נאָכן אַטענטאַט אַף פאָן־וואַלן, נאָר צוליב עפּיס אַ סיבע איז ער געוואָרן פאַרדעכטלעך די אַגענטן פון קרימינעלער אויסשפּירונג, וועלכע האָבן אים אַרעסטירט, און מע האָט אים פאַרזעצט אין טפיסע נאָך איידער מע האָט קלאָר געמאַכט זיין אָוועך און זיינע פאַרבינדונגען מיט דער נאַנאָווים־וועלט. פאַרשטייט זיך, אַזאַ פאַרבינדונג איז ניט געווען און האָט ניט געקאָנט זיין; די קרימינעלע האָבן גלייך דערפילט אין אים אַ פרעמדן און האָבן געלאַכט פון די שפּיקעס, וועלכע האָבן געהאַט אַזאַ טאָעס.

איך האָב זיך אָנגעהויבן צוקוקן צום פּוילישן באָוועך. אָנשטאָט דער דרויסנדיקער פאַרבלאָזיקייט האָט זיך פאַר מיר אָנגעצייכנט אַ אייגג־

אַרטיק בילד פֿון אַ רעוואָלוציאָנער אַ קאָנספּעראַטאָר. ער איז געווען דער פּולער הייפּעך פֿונם מילנער: אַ דאַרער, אַ שוואַכער, ניט קיין הויכער, האָט ער געהאַט אַ מערקווירדיקע טעווע צו זיין ניט באַמערקט, נישטיק; ער האָט געקאָנט מאַכן אַזוי, אַז אַנדערע זאָלן אַפילו ניט באַמערקן זיין אַנוועזנהייט און דאָס, אַז ער לעבט אויף דער וועלט. ער האָט קונציק געקאָנט זיך פֿאַרטרייבן אַזוי, אַז מע האָט געקאָנט אָפּלעבן יאָרן אין טפּיסע און ניט פֿאַרגעדענקען, אַז ער איז דאָרט דאָ.

איך האָב גאָרניט געקאָנט דערגיין וועגן אים. ערשט אין 4 יאָר אַרום האָב איך זיך מיט אים ווידער געטראָפֿן און בײַ זייער מאָדנע אומשטענדן.

אין אַפּריל פֿון 1906 יאָר האָט מען מיך אַרעסטירט אין ראַוונע, און ס'האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן, אַז איך לעב אויף אַ פֿרעמדן פּאַס; איך האָב נעמוזט זיך אָנרופֿן, און מע האָט מיך מיטן עטאַפּ אַוועקגעשיקט פֿון ראָוונער „פּערעסילנע" טורמע אין ווילנער פּערעסילנע טורמע און פֿון דאָרט אין ווילנער אָבראַנקע. איך זיץ אַזוי איינער אַליין אין קאַמער פֿון דער אָבראַנקע. פּלוצים עפֿנט זיך די טיר, און די אָבראַניקעס וואַרפֿן אַריין אין קאַמער אַן אַרעסטירטן—אַ צעהאַרגעטן, אינגאַנצן אין בלאָטערן; ס'איז קלאָר, אַז מע האָט אים נאָר וואָס געשלאָגן און, פֿאַרענדיקט דאָס שטיקל אַרבעט, אַריינגעוואָרפֿן אין קאַמער. איך פֿרעג בײַם שאָכן, פֿאַרוואָס איז בײַ אים דאָס פּאָנים אין בלאָטערן,—ער ענטפֿערט מיר ניט און מאַכט זיך, ווי איך וואָלט אים וועגן קיין זאַך ניט געפֿרעגט און ווי ניט אים וואָלט מען ערשט געשלאָגן; ער האָט זיך אַפֿילו באַמיט איינהאַלטן דעם שווערן אָטעם, איך האָב אויפֿגעהערט פֿרעגן. איך האָב געזען, אַז דער נײַ־אָנגעקומענער געטרויט מיר ניט, ווי אַ פֿרעמדן מענטשן. נאָר זיין גאַנצע מאַנער פֿון האַלטן זיך, פּונקט ווי מיט אים וואָלט זיך קיין זאַך ניט געטראָפֿן, האָט מיך אָנגעהויבן צו אויפֿרעגן: וואו האָב איך אים פֿריער באַגעגנט? און פּלוצים האָב איך זיך דערמאָנט: דאָס איז דאָך דער פּוילישער אַרבעטער, לעקערטס כאַווער, וועלכן איך האָב מיט 4 יאָר צוריק געזען אין ווילנער טפּיסע אין אַנטאָקאָל. איך בין צו אים צוגעגאַנגען און האָב אים געזאָגט, אַז איך קען אים, האָב אים דערמאָנט אָנם מילנער, אָן לעקערטן און האָב דערציילט, ווי אַזוי איך בין אַריינגעפֿאַלן אין אָבראַנקע. דאַן האָט ער זיך אָנגעהויבן באַציען צו מיר מיט מער צוטרוי, נאָר ער איז דאָך געבליבן דער זעלבער קאָנספּיראַטאָר און האָט בלויז דערציילט, אַז מע שלאָגט אים, כדי ער זאָל דערציילן, ווער און וואָס ער איז. ער האָט זיך אויסגעוויזן פֿאַרדעכטלעך די גאַסן־אַגענטן, זיי האָבן אָבער ניט געוואוסט, אין וואָס אים בוישעד צו

זיין, און זיי האָבן אים געוואָלט צווינגען מיט געשלעג זיך מוידע זיין אין זיינע כאטאָים. ס'איז מעגלעך, אז מע האָט אים ווידער אָנגענומען פאַר א קרימינעלן. דעם זעלבן טאָג האָט מען מיך איבערגעפירט אין פּאָליציי־פּאַרוואַלטונג, וואו איך בין שוין איינמאָל געזעסן מיט דער גרופּע ארבעטער אין 1902 יאָר; דעם פּוילישן כאַוער האָב איך מער ניט באַגעגנט.

ז

בענצע לעווין.

# די 5־טע קאָנפערענץ פון „בונד".

(זיכרוינעס).

אין מאי פון 1902־טן יאָר האָב איך באַקומען אַן אויפטראַג פון צענטראַלן קאָמיטעט פון „בונד" צוגרייטן און איינאָרדענען א קאָנספּיראַטיווע דירע אין בערדיטשעוו פאַר א קאָנפערענץ פון „בונד", וועלכע איז באַשטימט געווען אָפּן כוידעש יולי. איך בין דאַן געווען דער פאָרשטייער פון בערדיטשעווער קאָמיטעט פון „בונד", און בערדיטשעוו איז געווען מיין וואוינונגס־אָרט. די שטאָט איז געווען מער צוגעפּאַסט פאַר דער קאָנפערענץ אין הינזיכט פון זיכערקייט, ווייל די ארבעטער־באַוועגונג איז נאָך דאַן געווען א גאַנץ יונגע און דער שפּיאָנאַזש איז פאַרהעלטניסמעסיק געווען א קלענערער, ווי אין די איבעריקע שטעט פונם בונדישן ראַיאָן.

צו דער באַשטימטער צייט, ארום טישע בעאָוו, זיינען געקומען צופאָרן 14—15 דעלעגאַטן פון פאָלגנדע שטעט: וואַרשע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, ריגע, ווילנע, מינסק, זשיטאָמיר און 3 פאָרשטייער פון צ. ק. אייניקע דעלעגאַטן זיינען ניט געקומען.

די אָנטיילנעמער זיינען געווען: פון צענט.קאָמ.: פּאָרטנאָי, אונטערן נאָמען נחי מאָיסיי דער איינבינדער(„פערעפּליאָטשיק")(האַלפּערין,דושקאַן) און גאַזשאַנסקי שמואל („דער לערער"),געקומען דאַן פון סיביר, איינער פון די פּיאָנערן פון דער אידישער אָרבעטער־באַוועגונג. פון די ערטער: ווילנע (פישל קאַיגען) לענסקי טאַראַס (דאָוויד קאַץ), די שניידערין מאַריע, ציווינע די הענטשקעס מאַכערין, אַבראַם דער בערשטער, אורי

טשיק דער בערשטלמאכער, איך זעלבסט אונטערן נאָמען אלטער דער קליינער. די נעמען פון די איבעריקע געדענק איך שוין ניט. דאָס זיינען געווען אלטע און דערפאַרענע טוער פון „בונד" און זיינע גרינדער.

די שטימונג בא דעם גרעסטן טייל אָנטיילנעמער איז געווען א קריגערישע.—זיי זיינען ניט לאַנג געלאָפן פון סיביר וואוהין מע האָט זיי פארשיקט פאר זייער רעוואָלוציאָנערער ארבעט און זיינען געקומען מיט א שטאַרקן רעוואָלוציאָנערן טעמפעראַמענט. זיי האָט ניט צופרידנגעשטעלט דער גאַנג און דער טעמפּ פון דער טעטיקייט פון „בונד". איניקע פון זיי האָבן געטאַינעט: וואָס איז אונז די פּולע: פּראָקלאַמאציעס? דאָס פאַפּירענע געווער איז צו שוואַך אין קאַמף קעגן דעם צאַריזם, מע מוז וואָס אָפטער פירן די ארבעטער־מאַסן אַף גאַסנקאַמף. דערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכנט דער כאַווער גאַזשאַנסקי.

איך דערמאָן זיך אָן א קליינעם עפּיזאָד. דער כ' גאַזשאַנסקי איז געקומען אַף דער ערשטער זיצונג פון דער קאָנפערענץ מיט זיין רעוואָלווער, מיט וועלכן ער האָט זיך ניט געקאָנט צעשיידן,—דאָס איז געווען א נייס בא אונז אין „בונד", אז די אָנפירער פון דער באַוועגונג, די גרויסע קאָנספּיראַטאָרן, זאָלן זיך אַרומטראָגן מיט געווער. אזעלכע זאַכן האָט געפּאַסט פאר די טעראָריסטן די עסערן, מע האָט אים טאַקע געראָטן ער זאָל אַף דער קאָנפערענץ ניט האַלטן דעם שפּייער צוליב פאָרזיכטיקייט, אין פאַל, ווען די דירע פאַלט דורך, און ער האָט דעם רעוואָלווער געמוזט פון דאָרט אוועקטראָגן.

די טאָג אָרדענונג פון דער קאָנפערענץ איז געווען ווי איך געדענק: 1) די סטרוקטור און די איבערבויאונג פון די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אַף די ערטער, 2) וועגן אָרגאַניזירטער ראַבע, 3) די פּאַרטיי־פּרעסע און 4) פינאַנסן. דער שווער־פּונקט איז געווען דער 2־טער פּונקט פון טאָג־אָרדענונג.

דער „בונד" אלס א סאָציאַל דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, אָפּהיטנדיק אירע פּרינציפּן, האָט שטענדיק געקעמפט קעגן די עסערן, איז געווען א שטאַרקער קעגנער פון טעראָר, נאָר די ווילנער געשעענישן פון 1־טן מאַי, ווען מע האָט געשמיסן די דעמאָנסטראַנטן און דער אַטענטאַט פון כ' הירש לעקערט אַפן ווילנער גענעראַל גובערנאַטאָר פאָן־וואַל, האָט אריינגעטראָגן אַנדערע שטימונגען אין די רייען פון „בונד".

אַף דער קאָנפערענץ האָט זיך בוילעט אָפּגעשפּיגלט די אויפרעגונג און דורשט פון נעקאָמע פון די ברייטע ארבעטער־מאַסן. די שטימונג איז געווען זייער א געשפּאַנטע. ארום דער פראַגע וועגן אָרגאַניזירטער ראַבע האָבן זיך אַנטוויקלט ליידנשאַפטלעכע דעבאַטן. די מאָטיוון פאַר „אָרגאַניזירטער ראַבע" זיינען געווען: אזעלכע דערשיינונגען, ווי שמייסן

די געפֿאַנגענע רעוואָלוציאָנערן, רופֿן אַרויס בײַ די מאַסן אַ דראַנג צו נעקאָמע, און ספּיכישע אומאָרגאַניזירטע אָנפֿאַלן ברענגען צו אומזיסטע קאָרבאָנעס. ווען דער אַטענטאַט אין ווילנע וואָלט געווען אָרגאַניזירט, וואָלט עפשער אונזער כ׳ לעקערט אויסגעמיטן די טליע און וואָלט נאָך געבליבן אין אונזערע רייען. מוירע האָבנדיק פֿונדעסטוועגן, אַז מע זאָל צופֿיל ניט איבערכאַפּן די מאָס, און די אָרגאַניזאַציעס זאָלן ניט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין טעראָריסטישע גרופּן, ווערט פֿאָרגעלייגט די אָרגאַניזירונג פֿון אַזעלכע אַקטן זאָל נעמען אויף זיך דער העכסטער אָרגאַן פֿון „בונד"—דער צ. ק.

די פֿראַגע איז באַשלאָסן געוואָרן מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען. די איבערוויגנדע ראָל אין דער אָפּשטימונג האָבן געשפּילט די כאַוויירים, וואָס זײַנען אָקאָרשט געלאָפֿן פֿון סיביר, בײַ וועמען דער ענטוזיאַזם און הורשט נאָך ראַכע האָט איבערגעשטיגן די אַנטי־טעראָריסטישע פּרינציפּן, וועלכע זײַנען געווען אַזוי פֿעסט אײַנגעוואָרצלט בײַ די טוער פֿון „בונד".

די אָנגענומענע רעזאָלוציע שטרײַכט אונטער—דער „בונד" בלײַבנדיק טרײַ די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּרינציפּן, וואַרפֿט אָפּ די טאַקטיק פֿון טעראָר, אַלס פּאָליטישער קאַמפּסמיטל; נאָר אין אַזעלכע פֿאַלן, ווי עס איז פֿאָרגעקומען אין ווילנע דעם 1־טן מאַי, מוז מען נעמען נעקאָמע: אויף שמיץ מוז מען ענטפֿערן מיט אָרגאַניזירטער ראַכע. אַזעלכע ראַכע־אַקטן דאַרפֿן זײַן אָרגאַניזירט אויסשליסלעך הורכן צ. ק. פֿון „בונד".

די פֿאָרזיכטיקייט און די באַגרענצונגען, וועלכע זײַנען אָנגעמערקט אין דער רעזאָלוציע, באַווײַזן, אַז די אָנטיילנעמער פֿון דער קאָנפֿערענץ האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין וחשבון. דאָך ווי שטאַרק עס איז ניט געווען דער ווילן ניט אָנצורירן די ריינקייט פֿון די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּרינציפּן, איז מען פֿאָרט ניט בײַגעשטאַנען קעגן די גוואַלד־טאַטן פֿון דער צאַרישער רעגירונג און דעם דראַנג נאָך נעקאָמע פֿון די אַרבעטער־מאַסן, פֿאַר וועמען עס איז געשטאַנען ווי אַ לעבעדיק בילד דער גרויסער אומפֿאַרגעסלעכער העלד הירש לעקערט.

אָבער דער באַשלוס איז אין לעבן ניט דורכגעפֿירט געוואָרן. גלײַך האָט זיך באַקומען אַ פּראָטעסט פֿון דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פֿון „בונד". אין די „לעצטע נאַכריכטן", וואָס פֿלעגן דערשײַנען אין אויסלאַנד, זײַנען דערשינען אַ סך אַרטיקלען קעגן דעם אָנגענומענעם באַשלוס, און דער 5־טער צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד" האָט אים אָפּגעשאַפֿט.

מינסק.

# III. דאָקומענטן

רסלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבעטער פּאַרטיי.
אַלגעמיינער אידישער אַרבעטער־בונד אין ליטע פּוילן און רוסלאַנד.

## צו אַלע אידישע ארבעטער און אַרבעטערינס!

גענאָסן! נאָך קיין מאָל האָט די רוסישע רעגירונג ניט אַרויסגעוויזן איר גאַנצע פּרעכטיט, ווילדקייט און אַכזריות אַזוי אָפן, ווי היינטיגס יאָר צום 1־טן מאי. נאָך קיינמאָל האָט דער ווילקיר פון דער דעספּאָטישער רויבער באַנדע, וועלכע הערשט איבער אונזער אונגליקליך לאַנד, ניט דערגרייכט אַזאַ הייכע שטופע פון אונפאַרשעמטהייט. אונז, אידישע אַרבעטער, איז שוין ניט איינמאָל אויסגעקומען אריבערצוטראָגן די שרעקלאַכסטע גוואַלט־טאַטן פון די ווילדע צאַרישע דינער; שוין ניט איין מאָל האָבן מיר געפילט אַף אונזערע רוקנס די קלעפּ פון די קאַזאַצקע נאַגאַיקעס; ניט איינמאָל האָט מען אונז מאַסנווייז געוואָרפן אין די טיורמעס, ווען מיר האָבן געפּרובירט כאָטש עטוואָס פאַרבעסערן אונזער לאַגע; ניט איין מאָל האָט מען אונזערע בעסטע חברים הונדערטערווייס פאַרשיקט אין ווייטן קאַלטן סיביר, אָן אַ געריכט און אָן קיינע באַווייזן וועגן זייער שולד. נאָר דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען היינטיקס יאָר צום 1־טע מאי אין ווילנע, שטייגט איבער אַלץ, וואָס אונז איז אויסגעקומען איבערצולעבן ביז איצט...

גענאָסן! ווען פאַרן 1־טן מאי אין ווילנע האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן אַ קלאַנג, אַז צו די דעמאָנסטראַנטן וועט מען אָנווענדן קערפּערלאַכע בשטראָפונג (שמייסן), האָט קיינער אין דעם ניט געגלויבט. אַלע האָבן געמיינט, אַז דאָס איז אונמעגלאך, אַז דאָס וועט זאך ניט ערלויבן צו טאָן אפילו די רוסישע רעגירונג. די מיינונג איז געווען אַ טעות. די רוסישע רעגירונג האָט באַוויזן, אַז פאַר איר איז קיין זאַך ניט צו שרעקלאך אָדער צו שווער.

ווען אונזערע ווילנער גענאָסן זיינען דעם 1־טן מאי (18 אפּריל) אַרויס אַף אַ דעמאָנסטראַציע, האָבן זיך אַף זיי אַרופגעוואָרפן קאָזאַקן

און פּאָליציי, ווי האָבן אַרומגערינגלט אַ טייל פון די רעמאָנסטראַנטן און געשלאָגן זיי אונבאַרמהערצלאַך מיט די נאַגאַיקעס און שאַשקעס, דעם, וואָס האָט געטראָגן די פאָנע, האָט מען ניט אויפגעהערט צו שלאָגן אַפילו דאַן, ווען ער איז שוין געלעגן אַף דער ערד אין חלשות. צובלוטיקטע, צוהאַרגעטע, האָט מען פאַרשפאַרט די רעמאָנסטראַנטן אין פּאָליציי הויז. אַף מאָרגן איז פאָרגעקומען די שרעקלאַכע שענדלאַכע עקזעקוציע.

אין געגנוואַרט פון גובערנאַטאָר פאָן-וואַל, פּאָליצמייסטער נאַזימאָוו, דאָקטאָר מיכאַילאָוו, אַלע פּריסטאַוון (קאָמיסאַרן), פּאָליציייסקע, קאָזאַקן און פּאָושאַרנע—האָט מען געשמיסן די רעמאָנסטראַנטן. געשמיסן האָבן קאָזאַקן, געשמיסן מיטן גאַנצן כח, נאָך די ערשטע שמיץ איז פון יעדער רוט געבליבן נאָר אַ העלצל; ווען איין הענקער פלעגט מיד ווערן, פלעגט זיין אָרט פאַרנעמען אַנ'אַנדערער. אום צו פאַרגרעסערן דעם פּיין, האָט פאָן-וואַל געהייסן שמייסן לאַנגזאַם... אייניקע פון די אַרעסטירטע, וועלכע מ'האָט ניט געשמיסן, האָט מען געפּייניקט מאָראַליש. מ'האָט זיי גענויט צו שטיין דערביי, און זען ווי מ'וועט שמייסן זייערע חברים...

גענאָסן! דאָס בלוט וועדט פאַרגליווערט אין די אָדערן, ווען מיר שטעלן זאַך פאָר דעם שענדליכן אַזיאַטישן בילד... אַרויסטרעטנדיק אַף אַ שטרייט געגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג, האָבן מיר געוואוסט וואָס אונז שטייט פאָר; מיר האָבן געוואוסט, אַז אונזער וועג וועט זיין אויסגעזייט מיט שטעכעדיקע דערנער, אַז לאַנגע יאָרן טורמע און סיביר, הונגער און קעלט ערוואַרטן אונז אַף דעם וועג. און מיר האָבן שוין דערוויזן, אַז דאָס אַלץ קען אונז ניט אָפּשרעקן, אַז דאָס אַלץ קענען מיר אַריבערטראָגן. נאָר אַלע מאָל און אומעטום, אין די שווערסטע מינוטן פון אונזער לעבן, האָבן מיר, רעוואָלוציאָנערן, געהיט און פאַרטיידיקט אונזער מענטשלעכע ווירדע. אַף באַליידיגונגען האָבן מיר געענטפערט מיט באַליידיגונגען, אַף גוואַלט האָבן מיר געענטפערט מיט גוואַלט.

מיר קענען ניט דיינקען און ריידן רוהיק וועגן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווילנע. פון טויזנטער ערלאַכע הערצער רייסט זיך אַרויס איין אַלגעמיינער געשריי: נקמה! ראַכע!

אידישע אַרבעטער! ווי וועט איר ענטפערן אַף די שענדליכע באַליידיקונג? איר האָט שוין לאַנג באַוויזן, אַז איר זענט ניט מער די אַמאָליקע שווייגנדע שקלאַפן; דורך אייער מוטיקן קאַמף פאַר פרייהייט האָט איר דערוויזן דער גאַנצער וועלט, אַז איר האָט זיך ערוואַכט צו אַ נייעם לעבן, צו אַ לעבן פון פרייע בירגער.

דערוויזט זשע נאָך אַמאָל די צאַרישע הענקער, אַז איר וועט ניט

אריבערטראָגן רוהיק זייער שענדלאכן באגיין זאך מיט אייך; דערוויזט, אז איר זייט גרייט צו באשיצן אייער מענטשלאכע ווירדע, און צו ענט־פערן מיט גוואלט אף די גוואלט טאטן פון די צארישע דינער.

ביז איצט איז אונזער פארטיי געווען געגן פאָליטישן טעראָר; מיר ענטזאגן זאך איצט אויך אָנצווענדן דעם טעראָר אלס א קאמפס מיטל געגן דער זעלבסטהערשונג.

נאָך פאָן־וואלדס ווילדע מעשים רופן ארויס א שרעקלעכע אויפרע־גונג צווישן אלע געגנאָסן. מיר זיינען זיכער, אז פון אידישן פראָלעטאר־יאט וועט אויפשטיין א ראכע נעמער, וועלכער וועט זאך נוקם זיין פאר די ערנידערונג פון זיינע ברידער; און אויב אין דעם פאל וועט פארגאָסן ווערן מענטשלאך בלוט, וועט די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דעם פאלן אף די קעפ פון דעם רוסישן צאר מיט זיינע ווילדע דינער.

צענטראלער קאָמיטעט פון אלג. אידישן ארבעטער בונד אין ליטע, פוילן און רוסלאנד.

מאי 1920.

דרוקעריי פון „בונד".

אונזער אויפרוף איז שוין געווען אָבגעדרוקט, ווען די ציימונגען האָבן געבראכט די ידיעה, דאָס מען האָט געשאָסן אין ווילנער גובער־נאטאָר פאָן־וואל. ווי די צייטונגען מעלדן, האָט אין אים געשאָסן א איד פון קאָוונער גוב. הירש לעקערט; ער האָט אים געטראָפן אין לינקע האנט און רעכטע פוס, פאָן־וואל איז געבליבן לעבן. געגנאָסע לעקערט—בארהאלטן און איבערגעגעבן צום מיליטער־געריכט (וואָיעני סוד).

דער פאקט באווייזט אונז, אז די זיכערהייט, וועלכע מיר האָבן אויסגעדריקט אין אונזער אופרוף, דאָס אידישע ארבעטער וועלן ענטפערן ווי געהעריק און דעם, וועלכער האָט זיי אזוי שענדלאך באליידיקט—האָט אונז ניט פארפירט.

דאָס אידישע פּראָלעטאריאט האָט ארויסגעשטעלט פון זיך א ראכע נעמער פאר די באליידיגונג פון זיין ערע. מיט דעם האָט ער דערוויזן, ווי הויך אַנטוויקלט ביי אים זיינען די געפילן פון מענטשלאכער ווירדע.

ערע דעם ראכע נעמער, וועלכער האָט זיך געבראכט פאר א אָפּפער פאר זיינע ברידער.

צענטראלער קאָמיטעט פן אלג. אידישן ארבעטערבונד אין ליטע, פוילן און רוסלאנד.

---

פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

# לעקערט געקעפּט.

כאַווירים־רעוואָלוציאָנערן! *)

לעקערט איז געקעפּט. די זעלבסטהערשונג טריאומפירט, דער ראָשע־מרושע וואַל האָט באַקומען אַ צאַרישן דאַנק פאַר זיין אויספירערישקייט. פון דער הויך פון זיין טראָן האָט ניקאַ־קונילעמעל (ניקאַ־מילושאַ) אַ קוש געטאָן אין שטערן זיין טרייען מעשאָרעס, ווען ער האָט באַקומען די יעדיע וועגן דעם אַטענטאַט אַף זיין לעבן. זעכצן טויזנט רובל און לעקערטס קאָפּ—אָט דאָס איז זיין באַלוינונג. פון איצט אָן וועט וואַל ביי־שפּיל ציען פיל אַנדערע צאַרישע באַשיבוזוקן, גרויסע און קליינע.

כאַווירים! פון יאָר צו יאָר ווערט אונז אַלץ שווערער צו אָטע־מען אין קלעם פון דער זעלבסטהערשונג; צו ענג ווערט איבער אונז די צוים פאַרצויגן און דראָט מיט טויט פאַר אַלץ גרעסעסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. טעראָריזירן, אָנשרעקן דאָס פאָלק—אָט וועגן וואָס ס'דאַ־געט איצט די זעלבסטהערשונג. דורך שמיץ, קאַטאָרגע, טליעס און טויט־אורטיילן וויל זי אונז דעמאָראַליזירן און אַרויסרייסן פון אונזערע הענט די פאָן פון קאַמף, אַף וועלכער ס'איז שוין פאַרשריבן־אַזוי פיל רומפולע נעמען, אַזוי פיל אומשולדיקע קאָרבאָנעס און יונגע לעבנס! אומזיסט די באַמיאונגען! די ווילדקייטן פון דער רעגירונג שאַפן איר אַלץ מער סאָ־נים. איר נאָמען, אירע מאַסים ווערן פאַרהאַסט דורך אַזעלכע מענטשן, וואָס פריער האָט זי זיי געקאָנט רעכענען פאַר אירע געטרייסטע זין. די נייטיקייט פון פאָליטישן קאַמף, אַלס דאָס איינציקע מיטל צו דערשלאָגן זיך רעכט פון אַ פרייען בירגער, ווערט אַלץ קלאָרער פאַר אַלע איינוואוי־נער פון גרויסן רוסלאַנד.

כאַווירים, ברידער! אונז וועלן דאָך ניט אָנשרעקן די טליעס און די שמיץ, ווי ס'האָבן אונז ביז איצט ניט געשראָקן די טפיסעס און סי־ביר. מיר וועלן קעמפן ביז ס'וועט אונטערן דראַנג פון אונזערע אַלגעמיי־נע און איינהייטלעכע קרעפטן ניט פאַלן דער ביניען פונם אַלרוסלענדישן דרוק, ווילקיר און געוואַלט—די צאַרישע זעלבסטהערשונג. זאָל אונז באַגייסטערן דער בייספּיל פון אונזער כאַווער לעקערט! זאָל פאַר אונז הייליק זיין דער אָנדענק פונם אידן־אַרבעטער, וועלכער האָט מאַקריוו

*) דער דאָזיקער אויפרוף איז געווען אַרויסגעגעבן אין אידיש, פויליש און ליטוויש גלייך נאָך לעקערטס קעפּונג. דאָ ברענגען מיר אים אין אַן איבערזעצונג פון רוסיש.

ר ע ד אַ ק צ י ע.

געווען זיין לעבן פאר דער אלגעמיינער זאך! זאל זיין אנדענק אונז באגייסטערן אף דעם ווייטערדיקן אקשאנישן קאמף; זאל דער דאזיקער אנדענק לעבן אין אונז ביז יענער צייט, ווען ס'וועט פאלן די פעסטונג פון דער זעלבסטהערשאפט,—ווען מע וועט קאנען אים אפגעבן די באערונג, וועלכע ער האט קאשער פארדינט מיט זיין פריצייטיקן טויט צוליב דער פארטיידיקונג פון אונזער באליידיקטער ערע, פון אונזערע געשענדעטע רעכט **).

דער פאראייניקטער קאמיטעט פון די ארטיקע ארגאניזאציעס:

ווילנער סאציאל־דעמאקראטישער קאמיטעט פונם „אלגעמיינעם איד־ישן ארבעטער־בונד" אין ליטע, פוילן און רוסלאנד.

ווילנער קאמיטעט פון דער סאציאל־דעמאקראטיע פון פוילן-און ליטע.

ווילנער ארבעטער־קאמיטעט פון דער ליטווישער סאציאלדעמאקראטישער פארטיי.

יולי, 1902 יאר.

---

## דעמאנסטראציעס, אגראראומרוען, עקזעקוציעס און טליעס (אפריל—מאי 1902) און אפיציעלע מעלדונגען.

### נומ. 1 א דאנק דעם כארקאווער גובערנאטאר, דעם פירסט אבאלענסקי.

ס'נווערט באשאנקען מיט אן ארדען פונם הייליקן דעם אפאסטאלגלייכן פירסט וולאדימיר פון 2־טער מאדרייגע דער כארקאווער גובערנאטאר שטאלמייסטער פון אלהעכסטן הויף פירסט איוואן אבאלענסקי פאר א יס־געצייכנט־פלייסיקן און דרוייקעסדיקן דינסט און מוסטערדיקע פארארדענונגען אף ליקווידירן די אומרוען אין וואלקאווער אויעזד פון כארקאווער גובערניע.

(פראוויטעלסטוו. וועסטניק, 28 אפריל 1902)

---

**) אונטערגעשטריכן דורך דער רעדאקציע. נוויאישע ווערטער, וועלכע זיינען איצט מעקויעם געווארן; די באדייטשע פון דער זעלבסטהערשאפט און פון דער ביוראקראטישער דיקטאטור ארבעטער-פויערשע מאסן פון אלע פעלקער פאראייניקן לעקערסט זייער דורך שטעלן אים א דענקמאל.

רעדאקציע.

נומ. 2 פון די רעגירונגס־מיטטייל:נגען וועגן די פויערשע אומרוען.

פאַר דער לעצטער ציים זיינען אין פּאָלטאַווער און כאַרקאָווער גו־בערניעס פאָרגעקומען ערנסטע שטער:נגען פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

די קלאַנגען וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט אין דער געזעלשאַפט וועגן די בּ:רזאָנען, וואָס די פויערים האָבן אָנגעווענדעט גוואַלט קעגן זיי, ווי אויך וועגן פויערים, וואָס זיינען ב:ז צום טויט, לויט דער פאַראָרדענונג פון די מאַכטאָרגאַנען, פאַרשמיסן געוואָרן, זיינען ניט ריכטיק. א גרונט פאַר דער אַנטשטייאונג פון די קלאַנגען פון דעם לעצטן מין האָט אַפּאָניט געגעבן דער אומשטאַנד, וואָס קדיי צו איבערהאַקן די ראַבּירונגען, זיינען די מאַכטאָרגאַנען געווען געצוואונגען אָנצוואַנדן לייבשטראָף צו די פּי־רער פונם אויפשטאַנד און זיינע מער פאַראַקטיגטע אָנטיילנעמער. די דאָ־זיקע שטראָף האָט געהאַט די געהעריקע ווירקונג אַף די פויערים און האָט פאַרשפּאָרט די נויטיקייט אָנצונעמען מער שאַרפע מיטלען, ווי די, צו וועלכע מע האָט נעמוזט אָנקומען אין דאָרף קאָזאַליעווקע*)....

,,פּראַוויטעלסטוו. וועסטניק, 29 אַפּריל 1902.

נומ. 3. באַלמאַשאָווס קעפּינג.

דעם 6־טן פאַרגאַנגענעם אַפּריל איז אין פּעטערבורגער מיליטער־קרייז געריכט פאַרגעקומען דער פּראָצעס פון סטעפּאַן וואַלעריאַנאָוויטש באַלמאַשאָוו, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט פאַר א בע־קיינדיקן מאָרד פון דעם מיניסטער פאַר אינערלעכע איניאָנים יעגער־מייסטער סיפּיאַגין**). דער מיליטער־קרייז געריכט האָט אָנערקענט באַל־מאַשאָוון פאַר שולדיק, האָט אים פאַרמישפּעט אַפן גר:נט פון אַרט. 279 פונם בוך XXII פון דעם מיליט. סטאַטוט וועגן שטראָפן, נאָכן אָפּנעמען אַלע שטאַנדרעכט, צו טויט שטראָף דורך הענגען. די קאַסאַציאָנס־אָנ־קלאַגע, וואָס דער פּראָקוראָר־מיליטער האָט דערלאַנגט, איז באַטראַכט געוואָרן דורכן מיליטערישן הויפּטגעריכט אין דער זיצונג פון 29 אַפּריל און איז פאַרבליבן אָן פאָלגן. דעם 3־טן היינטיקן מאַי איז דער פּסאַק דין אויס־געפירט געוואָרן אין אָרדענונג פון די אַרט. 963 און 964 פונם א.סט. פון קרימ. געריכטספּיר.

(,,פּראַוויטעלסטוו. וועסטניס, 4 מאַי 1902).

---

*) לויט דער זעלבער מיטטיילונג זיינען דורך אפיצער-. זאלב געדארגעטע 2 פארויזנידעס 7.

**) סיפּיאַגין איז דערמאָרדערט פאַרן אָנגעבן אין סאָלדאַטן די סטודענטן, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין די אומרוען.

נומ. 4. לעקערטס אטענטאט.

דעם 5־טן מאי 12 אזייגער אין אוונט איז אפן ארטיקן גובערנא־טאר, גענעראל־לייטענאנט פאן־וואל געמאכט געווארן אן אנפאל צוליב, ס'ווייזט אויס,באגרונדן פון פאליטישן כאראקטער.דער גענעראל איז לייכט פארוואונדעט דורך צוויי שאסן פון א רעוואלווער אין האנט און אין פוס. דער פארברעכער איז פארהאלטן אפן 'שטעל און ווערט איבערגעגעבן דעם מיליטער־געריכט.

(„פראוויטעלסטווי. וועסטניק", 8 מאי 1902.

נומ. 5. דעם צארס מיטליידס־טעלעגראם צו פאן־וואלן.

„נעמט צו דעם אויסדרוק פון מיין אויפריכטיקער פרייד צוליב אייער ניצל ווערן און הערצלעכע וואונשן גיך און פולקום געזונט ווערן.

ניקאלאי.

(„ווילענסקי וועסטניק", 7 מאי 1902.

נומ. 6. די באגריסונג פון מיניסטער פאן־פלעווע.

(טעלעגראפיש).

„א דאנק דעם אויבערשטן, וואס ער האט אייך געראטעוועט פון דער האנט פונם מערדער. צוזאמען מיט אלע ווילנער פרייען איך מיך מיט דער דאזיקער רעטונג. איך שיק אייך א פריינטלעכן גרוס.

פאן־פלעווע.

„ווילענסקי וועסטניק", 7 מאי 1902.

נומ. 7. לעקערטס קעפונג.

דעם 15 מאי האט דער ווילנער מיליטערישער קרייז־געריכט באט־ראכט דעם איניען פון הירש דאווידאוו לעקוך (אויך לעקערט), וואס איז איבערגעגעבן געווארן צום געריכט פאר אן אטענטאט צו דערמארדן דעם ווילנער גובערנאטאר, גענעראל־לייטענאנט פאן־וואלן. דער מיליטערישער קרייז געריכט האט אנערקענט לעקוכן פאר שולדיק, האט אים פאראורטיילט נאכן אפנעמען אלע שטאנדרעכט צום טויט־שטראף דורך הענגען. די קאסאציאנס־אנקלאגע, וואס דער פאראורטיילטער האט דערלאנגט, איז באטראכט געווארן דורכן מיליטערישן הויפט־געריכט אין דער זיצונג פון 21 דעם מאי און געבליבן אן פאלגן. דעם 28 דעם מאי איז דער פסאק־דין אויסגעפירט געווארן אין דער שטאט ווילנע אין ארדענונג פון די ארט. 963 און 964 פונם אוסט. פון קרימינ. געריכטספיר.

(„פראוויטעלסטוו. וועסטניק, 30 מאי 1902).

# די מאַי־דעמאָנסטראַציע און לעקערטס אַטענטאַט
(פון זשאַנדאַרמעריען איבערזיכט פאַר 1902 יאָר)

דעם 18 אפריל 1902 יאָר איז פון דער גאַליאָרקע פון דעם ווילנער טעאַטער אין דער צייט פון ספּעקטאַקל אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אין פּאַרטער אַ מאַסע בלעטלעך מיט אַ געדרוקטן טעקסט: „מיר גראַטולירן מיטן 1־טן מאַי—דעם אַלוועלטלעכן יאָמטעוו פון די אַרבעטער! נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן די פּאָליטישע פרייהייט!

ווילנער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער קאָמיטעט!"

בעת'ן ס'איז באַקוקט געוואָרן דער טייל גאַליאָרקע, פון וואַנען ס'זיינען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן די איבערגעבליבענע בלעטלעך, האָט מען געפונען אַ צעריסענעם אָפּ שטיקלעך צעטל מיטן פאָלגנדיקן אינהאַלט: „פרל. מאַניע און נאַדיע! העיוים ווי היינט אויפן גאַס וועט זיין צופיל פּאָליציי, וועט ניט איר, ניט די אַנדערע גאָרניט ניט אויסשפּילן, אָבער אָט וואָס: מע וויל מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע אין טעאַטער, יעדער איינער וועלן אַראָפּוואַרפן אין יעדער פון זיי וועט שטיין צווישן אייגענע, אַף אַזאַ אופן וועט מען אים ערשטנס ניט באַמערקן און צווייטנס וועט מען אים ניט אַרויסגעבן—דערפאַר וועט מען געבן אַ גוטע זאַך, און איר וועט באַקומען פאַר צווייען. אויב איר האָט נאָך עמיצן, קאָנט איר איינלאַדן. איך בין אין דער היים ביז 8 אַ זייגער. ס. נ."

לויט די אויספאָרשונגס־רעזולטאַטן זיינען פון דער צאָל אַרעסטירטע אויפן אָרט פון דער דעמאָנסטראַציע איבערגעלאָזט געוואָרן אונטער אַרעסט: דער דאַנטיסט מאָרדוך אַלפּעס, דער האַנטשוסטאַכער אידל רעכעס און די מעשטשאַנקעס סאַרע נעמזער און נעכאָמע סעוזנער, וועלכע זיינען צוגעצויגן געוואָרן צו דער אויספאָרשונג אַלס באַשולדיקטע. די אויספאָרשונג האָט דערוויזן, אַז די באַשריבענע דעמאָנסטראַציע איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך אַ געהיימער געזעלשאַפט, וואָס רופט זיך אָן „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי", דערביי זיינען די אָנגעהויבענע פאָרזאָגנען געווען די אויספירער פון די פאַראָרדענונגען פון דער פּאַרטיי; נעמזער איז דער, וואָס האָט אָנגעשריבן דעם בריוו, וואָס איז אויבן געבראַכט געוואָרן, און דאָס באַווייזט, אַז איר איז געגעבן געוואָרן אַן אויפטראַג איינצולאַדן זיכערע מענטשן אום צו גאַראַנטירן דעם ערפאָלג און די אומבאַשטראָפטקייט פון דער דעמאָנסטראַציע.

דעם 18טן אַפּריל, נאָך 8 אַ זייגער אין אָוונט, האָבן די אַרבעטער, האַמוין פון העכער 1000 מאַן, וואָס פאַראויס פון אים האָבן צווייען גע־

טראָגן רויטע פאָנען מיט אויפשריפטן: „אראָפּ די זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן די פּאָליטישע פרייהייט!“ און „זאָל לעבן דער ערשטער מאי! זאָל לעבן דער 8־שאָעדיקער ארבעטס־טאָג!“ דער דאָזיקער האמוין מיט אויבנגע־שרייען „הורא“ און איבערגאזערנדיק די ווערטער, וואָס זיינען געווען אָנגעשריבן אויף די פאָנען, האָט געמאַכט א פּרואוו זיך לאָזן מיט א פראָ־צעסיע איבער דער גאַס, נאָר זיי זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך דער פּאָליציי און בײַ דער דערנענטערונג פונם ארויסגערופענעם קאָזאקן־הונדערט—זיינען זיי זיך פאַנאַנדערגעלאָפן, דערביי זיינען פאַרהאַלטן גע־וואָרן די, וואָס האָבן געטראָגן די פאָנען, די מעשטשאנעם הירש באָטווינניק און הירש פיינבערג.

בײַ דער אונטערזוכונג אין באָטווינניקס דירה האָט מען געפונען א קליין שטיקל פאַפּיר, אויף וועלכן ס'איז געווען אָנגעשריבן: „מעלדונג. היינט דעם 1 מאי בעט איך אייך קומען צו אונז, איך וועל וואַרטן אויף אייך“... „איך בעט“, „וואַרשע“... „באָטוו“...

אויסער באָטווינניקן און פיינבערגן האָט מען ניט אַנטדעקט קיין שול־דיקע אין דער דעמאָנסטראַציע, ווייל ווי נאָר ס'האָבן זיך באַוויזן די קאָ־זאַקן, האָבן זיי באַוויזן זיך צונויפמישן מיט דעם פאַרבייגייענדיקן עולם. ס'האָבן ניט אַנטפּלעקט די דעמאָנסטראַנטן אויך די גרויסע צאָל ארעסטן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויף דער רייטשישער און די שבינעסדיקע גאַסן נאָכדעם, ווי די אומאָרדענונג איז ליקווידירט געוואָרן, ווייל ס'איז אויסגעקומען צו פאַרהאַלטן ניט לויט די אָנווייזונגען פון מענטשן, וואָס האָבן אַליין געזען, נאָר לויט אייגענע השערות פון די פּאָליציייטע, אויף גרונטן, וואָס זיינען ניט פאַרבליבן אין זיכערן פון די פּערזאָנען, וואָס האָבן פאַראָרדנט מיט די ארעסטן.

דעם 5־טן מאי 1902 יאָר אין אָוונט, בעאיים ס'איז ארויסגעגאַנגען פון צירק דער ווילנער גובערנאַטאָר, גענ. לייטענ. פאָן־וואַל, איז צו אים אונטערגעלאָפן א יונגער איד הירש לעקערט, (אָדער לעקוך), און האָט אים צוויי מאָל פאַרוואונדעט דורך רעוואָלווער־שיסן.

בײַ דער אויספאָרשונג האָט לעקערט דערקלערט, אז ער האָט גע־האַט א קאַוואָנע צו האַרגענען דעם גובערנאַטאָר דערפאַר, וואָס ער האָט געמאַכט א פאַראָרדענונג וועגן באַשטראָפן מיט שמיץ אייניקע, הויפּט־זעכלעך יונגע אידן, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן אין ווילנע דעם 18 אַפּריל 1902 יאָר, בעאיים דער גאַסן־דעמאָנסטראַציע. לעקערט האָט דער־קלערט, אז אָט דעם אַטענטאַט האָט ער אויסגעפירט לויט דער אייגענער איניציאַטיוו אָן קיין שום זייטיקן איינפלוס; שפּעטער אָבער, ווען אים איז געמאָלדן געוואָרן דער פּסק פון דעם מיליטער־געריכט, האָט ער צו־געגעבן, אז צו האַרגענען דעם גובערנאַטאָר האָבן אים סטימולירט צוויי

אים אומבאקאנטע א״דן, נאָר אָם די רעגירונג האָט זיך נאָך א סאַ־
מע געגויער אויספאָרשונג ניט באשטעטיקט.

לעקערט איז אין 1900 יאָר אין ווילנע געווען צוגעצויגן צו דער אויספאָרשונג צוזאמען לויט אנדערע פערזאָנען, וואָס האָבן באוויזן א ווי״דערשטאַנד דער פאָליציי בעאיים דעם אַרעסט פון דריי פערזאָן, וואָס זיינען געווען שולדיק אין פארשפרייטן אפן גאַס פארברעכערישע אויפרופן, דערביי האָט ער גענומען דערין דעם מער אקטיוון אָנטייל. נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעקומען דעם טערמין פון געפענגעניש, איז ער ארויסגעשיקט געוואָרן אין יעקאטערינאָסלאווער גובערניע אונטער א עפנטלעכן אויפזיכט; דאָרט האָט ער זיך געפונען ביז אָנהויב אפריל 1902 יאָר, ווען ער איז מיט זיין אייגענער דייע אַנגעקומען קיין ווילנע, וואו ס׳האָט גע־וואוינט זיין ווייב.

בעאיים דער אויספאָרשונג פון לעקערטס באקאנטשאפטן האָט מען בא דער מעשצאנקע פעסיע קאבצאָווסקע געפונען א פלוגבלעטל פון „בונד“; זי איז גלייך נעלעם געוואָרן און ניט געקוקט אף די אָנגענומענע מיטלען, האָט מען זי ניט אויפגעזוכט.

---

## דער פאָליציי־דעפּאַרטאַמענט וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אין די יאָרן 1901 און 1902 און וועגן די מיטלען צו קעמפן מיט איר.

פונם איבערזיכט פון די וויכטיקערע אויספאָרשונגען פאַ״ן 1900 יאָר (זייטן 97—95)

### נאָווגאָראַדער צוזאַמענשטויס.

ווילנע.

דעם 23 מאי 1900 יאָר זיינען דורך די באאמטע פון דער אויעזד־פּאָליציי פארהאַלטן געוואָרן די מעשצאנעס: עליע ראַיטשוק, ראָכל זאַק און סטריליע לייפער, ו.עלכע זיינען געפּאַקט געוואָרן באם פארשפרייטן פארברעכערישע אויפרופן צו די ארבעטער. אף מאָרגן אינדערפרי האָט מען זיי ארויסגעפירט פון דער דירע פונם אוריאדניק אום אוועקצושיקן זיי צום סטאַנאָוואָי פריסטאוו, אָבער א גרױסער האמוין אידן, וואָס האָט זיך אומגעריכט צונויפגעקליבן, איז אָנגעפאלן אף זייערע באגלייטער, האָט זיי צומאזיקט, האָט צעקלאַפּט דעם אוריאדניקס דירע און האָט באַ־פרייט די ארעסטירטע.

די אויספאָרשונג האָט קלאָר געמאכט, אז אין אָוונט דעם 23 מאי

1900 יאָר האָט לייבע צוקערמאַן באַ זיך אין פּאָרהויז געטראָפן צוויי אידישע פרויען אָן איין איד, אַרום וועלכע ס'האָבן זיך געוואַלגערט ווייסע בלעטלעך. זיך אָנשטויסנדיק, אַז דאָס זיינען פּאַרשפּרייטער פון אויפרופן צו די אַרבעטער, האָט צוקערמאַן צוגערופן די פּאַרבייגייענדיקע געבן זיין דירע דריי סאָטסקע, וועלכע האָבן אויך פאַרהאַלטן די דריי אויבנאָנגערופענע פּערזאָנען; דערביי האָבן די לעצטע אַף גיך אַרויסגעוואָרפן אַ גרויסע צאָל געדרוקטע בלעטלעך, וואָס זיינען געווען באַ זיי. ביז וואַגנען די סאָטסקעס האָבן געקליבן די בלעטלעך, האָט זיך אַף צוקערמאַנען אָנגעוואָרפן אַן אָרטיקער איינוואוינער שליאָמע טשערוואָנאָלוזע און האָט געפּאָדערט, די אַרעסטירטע זאָלן באַפּרייט ווערן; פונדעסטוועגן זיינען זיי דאָך געבראַכט געוואָרן אין דעם אוריאַדניקס וואוינונג. מיט אַ פּאָר שאָ שפּעטער איז אָנגעקומען דער אָרטיקער פּריסטאַוו און איז צוגעטראָטן צו דער אויספאָרשונג. דערווייל אָבער איז דער אוילאָם, וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אַרום דעם אוריאַדניקס וואוינונג, געוואָרן גרעסער און, לויט די ווערטער פון איין אידן, זיינען באַ די פּאַרזאַמלטע געווען שטיינער און שטעקנס. אַרום האַלבע נאַכט איז דער האַמוין ערגעץ־וואו פאַרשוואונדן, אָבער ווען פיר אַזייגער פאַר טאָג האָט מען די אַרעסטירטע געוואָלט אַוועקשיקן צו דעם סטאַנאָוואָי־וואוינונג אונטער דער אויפזיכט פון פּריסטאַוו, אוריאַדניק און צען סאָטסקעס, האָבן זיך אַף זיי אַ וואָרף געגעבן פון די אַרומיקע געסלעך עטלעכע הונדערט אידן און מיט אַ אויסגעשריי — „שלאָג דעם אוריאַדניק" האָבן זיי אָנגעהויבן צו וואַרפן שטיינער אין די פּאָליציי־באַאַמטע. דער פּריסטאַוו צוזאַמען מיט די אַרעסטירטע און מיט דער וואַך האָט זיך אומגעקערט צוריק אין דער דירע פונם אוריאַדניק, נאָר דער האַמוין האָט זיך אַריינגעריסן אַהער, אויסגעשלאָגן מיט שטיינער די פענסטער און צעבראָכן די טירן, דערביי האָט מען די שטיינער צוגעפּידט אַף צוויי וועגעלעך. דער פּריסטאַוו, דער אוריאַדניק און אַ סאָטסקי האָבן באַקומען ערנסטע קלעפּ און די אַרעסטירטע אידן זיינען באַפּרייט געוואָרן; גלייך נאָכדעם איז דער האַמוין זיך גיך פאַנאַנדערגעלאָפן.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אויבנדערמאָנטע פּראָקלאַמאַציעס האָט אַרויסגעלאָזט „דער אַלגעמיינער אידישער אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און פּוילן", וועלכער האָט איינגעלאַדן די ווילנער זאָקנמאַכערינס צו אָרגאַניזירן אַ שטרייק מיטן ציל צו דערשלאָגן זיך אַ העכערונג פונם אַרבעטסלוין. ראַיטשוק, לייפּער און זאַק, וואָס זיינען דורכן האַמוין באַפרייט געוואָרן, האָבן זיי האָבן ריכטיק אָנגעוויזן זייער וואוינונגסאָרט, האָבן זיי דאָך נאָך די אויבנבאַשריבענע אומאָרדענונגען זיך ניט אומגעקערט צוריק אין זייערע דירעס.

דער איינצ׳קער קוואַל פאַר יעדיעס וועגן די אַנטיילנעמער פון דער גוואַלט־באַפרייאונג פון די דערמאָנטע פערזאָנען, זיינען געווען אויסשליס־לעך די פּאָליציי־באַאמטע, אָף וועלכער ס׳איז געמאַכט געוואָרן יער אַג־פּאַל, צוזאַמען מיט דעם דערמאָנטן צוקערמאַן און דעם שוימער לעבע־דינסקי. לויט זייערע אָנווייזונגען, וועלכע זיינען בעהאַסמאָדע קאָנטראָ־לירט געוואָרן דורך דער אויספאָרשונג, זיינען אַלס באַשולדיקטע צוגעצ־צויגן געוואָרן: 1) אָשער לעווין, 2) גערשען לעווין, 3) אָווסעי־איצקאַ רודניק, 4) כאָן־ווייווע ווינאָקור, 5) מאָוושע אַרבעטער, 6) הירש לעקער *)....

זיי האָבן אַלע זיך ניט אָנערקענט פאַר שולדיק.

ס׳זיינען אויך צוגעצויגן געוואָרן צו דער אויספאָרשונג אַלס באַ־שולדיקטע עליע ראַיטשוק, ראָכל זאַק און סטריליע לייפער, וועלכע, ווי אויבן געזאָגט, זיינען נעלעם געוואָרן.

***

אין די נאָמענטלעכע צעטלען פון דער ווילנער זשאַנדאַרמעריע פאַר־וואַלטונג פון דעמזעלביקן אַ בערזיכט (זויט 188) געפינען מיר:

37) לעקער, הירש דאַווידאָוו, 19 יאָר אַלט, אידישן גלויבן, מעש־צאַנין, אַנאַלפאַבעט.

---

# די מאַיסע ווילנער טעראָריסטישן קרייזל.

(ז מאַיסע נומ. 355 פון מאָסקווער אָכראַנע אָפּטיילונג—,,וועגן די אידישע געהיימע אָרגאַניזאַציעס פון מאַירעוו־ד.סלאַנד, ב. II, שטאָט ווילנע. מאָסקווע, היסטאָריש־רעוואָלוציאָנערער אַרכיוו).

נאָך דעם 16 אַפּריל 1902 איז זובאַטאָ.ו מודיע ראַפּאָרטירט, אַז פון זיין זייט איז ניטאָ קיין מניעס צו ליקווידירן אין דער שטאָט ווילנע די איבערגאַכונגס־טעטיקייט פון די פילערס פונם פלי אָפּטייל. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז אַלץ איז רואיק. אָבער ש.ין עטלעכע טעג נאָכדעם ישיקט ער ראַפּאָרט אַ טעלעגראַמע פון 27 אַפּריל אונטערן נומ. 2439.

,,אין ווילנע האָט זיך אָרגאַניזירט אַ טעראָריסטישע גרופּע פון אידן און באַליאַקן אַכט אָדער צען מאַן, באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און קינ־זשאַלן און וועלכע איבערוואַכט שטאַרק דעם גענעראַל וואַל. דעם ראָט־מיסטער טערענטיעוו האָט מען דערפון מודיע געווען".

אין ווילנע ווערט קאָמאַנדירט דער סאַמע דערפאַרענער פון די אָב־

*) איינגאַנצן 48 פערזאָנען, וואָס זענען אויסגערעכנט לויט די נעמען און פאַמיליעס

ראנקע־לייט ל. מענשטטיקאָוו *), וועלכער קומט אָן אחין מיט א פארשפעטיקונג (איז געוועזן פארנומען „מיט ערנסטע אינ אָנים" אין קיעוו) שוין נאָך לעקערטס אטענטאט און דעריבער באקומט ער שוין אויפטראגן פון א רעוויזיאָנס־כאראקטער, דעהאינע: קלאָר מאכן: 1.) צי ס'האָבן די אָרטיקע מאכטאָרגאנען, וועלכע האָבן באצייטנס באקומען די וואָרענונג פון פאָליציי־דעפארטאמענט וועגן דעם, אז ס'גרייט זיך אן אָטענטאט, אָנגענומען גענוגנדיקע מאָססמיטלען אף אָפצוהיטן פאָן־וואלן, 2) די אומשטענדן פונם אטענטאט און 3) דעם באשטאנד פון טעראָריסטישן קרייזל און זייער קאָנספיראט־ווע דירע, וואָס האָט זיך לויט די יעדיעס פון דער ווילנער זשאנד. פארוואלטונג געפינען ערגעץ־וואו אין נאָוואָגאָראָד (פארשטאָט פון ווילנע).

צווישן די „פאפירן" זיינען דאָ „טאָג־ביכער פון דער איבערוואכונג" איבער די מיטגלידער פונם קרייזל, א דערוייליק צעטל פון פאמיליעס, אפאָנים, פון די מיטגלידער פון קרייזל און דריי מענשטשיקאָוום באריכטן פון 18 און 23 מאי און 1 יוני 1902, וואָס אפן גרונט פון זיי ווערט קלאָר פאָלגנדיקעס:

דאָס אויבנדערמאָנטע צעטל, וואָס מיר ברענגען אינגאנצן, איז קוילעל די פאָלגנדיקע נעמען פון די מיטגלידער פונם „ווילנער טעראָריסטישן קרייזל".

לעקערט (לעקאך) הירש דאווידאָוו—מעשצאנין פון שטעטל אָנישעק, נאָוואָ־אלעקס. אוי., קאָוונ. גוב.

אָרלאָווסקי שאָלעם (א ניט דערוואקסענער) פארהאלטן דעם 26 אַפּריל מיט טעראָריסטישע פראָקלאמאציעס.

| | |
|---|---|
| אססוואריץ זאלמען—א טישלער<br>אפינהארץ יודל—א טישלער<br>וולאדאָווער הירש יאנקעלעוו—א ווייספעלארבעטער, געפינט זיך אונטער ארעסט | לעקערטס קרייזל |

עלפערן כאיע, דירע־באלעבאָסטע אין ראָזענסאָנס הויז אף נאָוואָגאָראָדער גאס, וואו ס'פלעגן פארקומען די באראטונגען פון לעקערטס גרופע.

| | |
|---|---|
| קאפלאן איסער נאָבימאָוו, א מינסקער מעשציאנין<br>סענדעראצקי באלעסלאוו אָסיפאָוו, א שלאָסער<br>לעקוך כאאים לעיבאָוו—א שוסטער | זיינען געווען פארנומען מיט אויסשפירן פאָן־וואלן |

*) שפעטער האָט ער פארראטן די „אכראנקע" און האָט בורצעוון ארויסגעגעבן אזעפן און דעם „בונד"—קאפלינסקין.

כאַדאָס יעוּעל—א שוסטער, האָט געהאלטן א צווייטע קאָנספּיראַ־
טיווע דירע אין דעמזעלביקן ראַזענסאַנס הויז.

מילעריקאָווסקי יאקאָוו יאָסעלעוו, א טישלער (צונאָמען „רויטער”).

קורטשער רייזע באַסע אַרעלעוואַ, א זאַקנמאַכערין מילעיקאָווסקיס
קאַלע.

באָבראָווסקי דאוויד פּינכעסאָוו, א שוסטער.

פאַרבער יאַנקל לערבאָוו, א שוסטער.

שטעמפּעלמאַן שיינע בערקאָווא, שניידערין (א קאַלע לייזאַלדס,
וואָס זיצט אין מ. ג. ט., און איז לעקובס א פריינט).

וואלק צאַרליע („די שרייערין”).

„קאָסאָלאַפּי” ספּאָקאָינעס הויז אַף זשמודער גאַס.

„קראַגן”—לעווין, ראַזענסאַנס הויז אַף נאָוואָגראָדער גאַס.

אין מענשטשיקאָווס באַריכט פון 18 מאי אַלס ענטפער אַף דער
פראַגע, וואָס ס'איז געשטעלט געוואָרן, וועגן דעם באַשטאַנד פון דער
גרופּע—שרייבט ער:

„אייגנטלעך אַלס די כוויאַע, וואָס האָט פאַרטראַכט דעם אַטענטאַט,
דאַרף מען אָנערקענען דעם גאַנצן רעוואָלוציאָנערן טייל פונם אידנטום
כאָי פון ווילנע, כאָי פון די שכיינעסדיקע שטעט, וואָס האָט ווי איין
מענטש זיך אָנגעצונדן מיט א האַס קעגן פאָן־וואלס פּערזאָן פאַר
אייניקע גרויסע מאָכמיטלען זיינע. נאָך לאַנג פאַרן אַטענטאַט האָט מען
אין דווינסקי, מינסק און קאָוונע גערעדט וועגן אים. אין דער לעצטער
פון די איבנאָנגערופענע שטעט האָט מען דעם 26 אַפּריל פאַרהאַלטן
א באַכערל שאָלעם אָרלאָווסקי מיט א האַנטשריפטלעכן אויפרוף (?),
וואו ס'איז געווען געזאָגט: „ווי א ליכטשטראַל איז אָנגעקומען די ידיעה,
אַז דער גרויכער טיראַן דער צווייטער מוראַוויעוו, באַראָן פאָן־וואל איז
דערשאָסן*) שוין ווי א פּראַט־דערשיינונג איז אַף דעם גרונט אויסגע־
וואקסן לעקעכס קריזל, וואָס האָט גענומען אַף זיך פּראַקטיש דורכצו־
פירן דעם באַשלוס פון דער מערהייט אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון „בונד”.
דערפּיי האָט דער לעצטער, זייענדיק טעאָרעטיש קעגן טעראָר, געמוזט
גיין אַף האַנאַכעס דער אַלגעמיינער קאָמפּשטימונג און האָט מיט זיינע
אויפרופן סאַנקציאָנירט דעם פּאָליטישן מאָרד. אַף וויפיל ס'רערלויבן
צו מאַכן אזעלכע שלוסן די פאַראַנענע געגנוג פאַרשיידנאַרטיקע (!) צגינג־

*) ס'איז קלאָר פאַקטישע באַגייסטערונג, אדער אַרלאַווסקיס, אדער מעסטיקאַווס
גיפּטע, ווייל ביזן 26 אפּריל זיינען קיין שום אַבענסאַזן א; פאַן—וואלן ניט פאָרגעקומען

טור און א־בערוואכונגס־אנווייזונגען, האָט חירש לעקוך געהערט צום האנטווערקער קרייזל *), וועלכער איז פערזענליך באַשטאַנען פון...

... ווייטער גייען די אַלע פערזאָנען, וואָס זיינען אויסגערעכנט אין צעטל אַכוץ די לעצטע דריי, וועלכע מענשטשיקאָו האָט אין זינען, בעאיים ער רעדט וועגן 3—2 פערזאָנען, וועלכע ווערן פעסטגעשטעלט.

וולאדאָוער איז, לויט דעם באַריכט, שוין ארעסטירט, און די אַלע איבעריקע האַלט מענשטשיקאָוו אויך פאַר נויטיק צו ארעסטירן „צוליב די אָנגעקומענע אָנווייזונגען, אַז ס'איז אַפּסניי פארטראַכט געוואָרן אַן אטענטאַט".

דעם 23 מאַי איז אין סעדל בא דעם גובערנאַטאָרס הויז פאַרגעהאַלטן געוואָרן א אומבאַקאַנטער אָן וועלכע ס'איז דאָקומענטן, וואָס האָט זיך אָנגערופן א קאָוונער מעשטשאַנין בענציען שולימאָוו פרידלאַנד (פרידלענדער). אין רעכטן שטיוול הינטערן זאָק האָט מען בא אים אנטדעקט א פולקום נייעם קינזשאַל זייער א שארפן, מיט א הענטל אין דער פאָרם פון א ציגנפוס, א ן אליין געמאַכטן צורעקעלע פון קאַרטאָן, מיט א שארף פון פיר ווערשאָק דער לייגג, געדיכט באַשמירט פון עק און בא די קאַנטן מיט א ברוין־רויט־געלבער פליסיקייט. „מינהאַסטאַם אָפּגעסאַמט מיט פייגערגיפט לויט א נייען פון קרייזל גופע צוגעטראכטן אופן, דערמיט, וואָס זיי האָבן עטלעכע טעג געהאַלטן דאָס געווער אין צופוילטן פלייש"— אזוי שרייבט מענשטשיקאָוו אין זיין באַריכט פון 23 מאַי.

אין דעמזעלבן טאָג שרייבט מענשטשיקאָוו צ זובאַטאָוון אין א פריוואַט צעטל (אין די „פאַפּירן" געפינט זיך דער אָריגינאַל):

(23/V מיך געערטער סערגעי וואַסילעוויטש.

עמיצנס לעבן האָט מען געראַטעוועט; איך ווייס אָבער ניט געני וועמענס. אַלענפאַלס טשיקינען, וועלכער איז ביכלאל א אויסגעצייכנטער פילער וואָלט מען געדאַרפט עפּעס געבן. די איינצלהייטן אינם אָפּצוג, וואָס איך לייג צו דערביי, פון מיין בריוו צו ל. א.

מיין גרוס יע. פע. אינגאַנצן אייערער מ.

מיר האָבן שוין אויבן ציטירט די דאָזיקע איינצלהייטן פונם באַריכט. דער דאָזיקער פרידלאַנד *) אַפּן ערשטן אָרט אינם איבערוואכונגס־סאַכאַקל, וואָס איז צוגעגעבן צו מענשטשיקאָוס באַריכט.

---

*) אין ביידע פאַלן איז דער קורס"וו אונזערער. בעאיים מענשטשיקאָוו רעדט וועגן רעכ. אז דער בונד האט סאנקציאנירט דעם סעראָריסטישן אַקט, האָט מעשטשיקאָוו אין זינען די פראָקלאַמאַציע פון צ. ק. פון בונד, וואָס האָט אָן איט־יידן באזוליטס לעקערט אַקט און וואָס האט אויך געוועזן פאר „ארגאניזירטער נעקאָמע". דאָס בלעטל פון צ.ק. איז אין אריגינאל איינגעגייט אין די „פאַפּירן".

*) וועגן אים אין די זיכרוינעס פון מ. באַשוויניק.

זובאַטאָוו אליין טעלעגראַפירט עטלעכע טעג שפּעטער צו ראַטאַיעוון:

,,די טעראָריסטן שפּירן נאָך אומאַיפּהערלעך פּאָן־וואַלן. ס'איז פּויטיק שטרענגע א בערוואַכונג. דאָ ניט לאַנג איז איינער פון זיי פאַרהאַלטן געוואָרן מיט אַ שטעכמעסער, דערנאָך באַפרייט *)."

יאָ, באַפרייט. פאַרוואָס און צוליב וואָס? און איז, פאַרשטייט זיך, נעלעם געוואָרן. דער גאַנצער באַריכט פון 23 מאַי איז דורכגעדרונגען מיט פּעסימיזם: אַלע פּערזאָנען, וואָס זיינען באַצייכנט געוואָרן אין דער רשימע, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער איבערוואַכונג. מענשטשיקאָוו האָט געמאַזט ,,צונויפשטעלן" אַ מער פאַרברייטערטע גרופּע. די אויספאָרשונג אין דער ווילנער זשאַנדאַרם פאַרוואַלטונג גייט שוין וועגן ,,ווילנער טעראָריסטישן קרייזל און אַ גרופּע פּערזאָנען, וואָס געפינט זיך מיט אים אין פאַרבינדונג און וואָס לויט די אונטערזוכונגס־רעזולטאַטן איז דעמאַסקירט צוליב... היטן אומלעגאַלע ליטעראַטור". שוין אין באַריכט פון 23 מאַי צו זובאַטאָוון פאָדערט מענשטשיקאָוו, מע זאָל טייקעף ליקווידירן אָט די גאַנצע פאַרברייטערטע גרופּע, ווייל

,,מע קאָן ניט גאַראַנטירן, אַז עמיצער פון זיי וועט באַלד טאַקע ניט אויספירן קיין נייעם אַטענטאַט, נאָכמער, ווייל ס'זיינען דאָ יעדיעס (!!) אַז אין פאַל פון הירש לעקוכס קעפּונג וועט זייער נעקאָמע זיך פאַרשפּרייטן אַף די באַאַמטע פון געריכט און די אָנטיילנעמער פון דער עקזעקוציע.

צווישן די פּערזאָנען, וואָס האָבן ,,זיך געפונען אין פאַרבינדונג" מיט ,,טעראָריסטישן קרייזל" זייגען דערמאָנט עטלעכע צענדליק פּערזאָנען, ווירקלעכע אַקטיווע ארבעטער פון ווילנער קאָמיטעט פון בונד.

אין דער גאַנצער קעגן 20 מאַי, ווען ס'איז אויסגפירט געוואָרן דער טויט־אורטייל איבער לעקערטן, איז אין ווילנע פאָרגעקומען די זשאַנדאַרמישע ,,ליקווידאַציע" פון דער גאַנצער גרופּע. אָבער קיין מאַטעריאַלן וועגן דעם איז ניטאָ אין אונזערע ,,פּאַפּירן". אפּאַנים, דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט ,,די אַרבעט" פון די זשאַנדאַרמען. אַף אויפצורעכן די אָנטיילנעמער פונם אַטענטאַט אַף פּאָן־וואַלן.

אין צוויי כאַדאָשים אַרום פּרובירט זיך ראַטאַיעוו אויפצוהייבן אַ נייעם ליאַרעם און טעלעגראַפירט זובאַטאָוון אין אַ שיפרירטער דעפּעש פון 3 אויגוסט 1902 אונטערן נום. 5836:

,,ס'איז אָנגעקומען אַן אַנאָנימע מעלדונג, אַז אין ווילנע עקזיסטירן עטלעכע איינער פון אַנדערן אומאָפּהענגיקע טעראָריסטישע קרייזלעך, וואָס גרייטן אַטענטאַטן אַבן גענעראַל־וואַלן; דאָס מער

*) די קורסיוון זיינען פאַרשיפרירט.

ערנסטע קרייזל איז ארגאניזירט דורך דאקטאר גערשוני, ווען דער
עקזיסטענץ פון די קרייזלעך וויים קליימעריטש דער פריסטאוו טיטע־
נאווויטש. לויט דער פארארדענונג פון געהילפס־מיניסטער זייט אזוי
גוט קאמאנדירן קיין ווילנע פילערן, וועלכע האבן שוין דארט געאר־
בייט.

ראטאיעוו.

אלס ענטפער דערויף שיקט זובאטאוו דעם 11 אויגוסט נומ. 8818
א בארואיקונגס־בריוו, אז די פילערן זיינען נאך ביז איצט אין ווילנע
און אז דער עלטערער פילער גרולקא מעלדעט, אז קיין פערזאנען פון לע־
קערטס קרייזל באגעגענען זיך ניט אין ווילנע. אף יעדן פאל בעט ער
ראטאיעוו מודיע צו זיין, ווען קערט זיך פאן־וואל אום צוריק פון פע־
טערבורג אין ווילנע.

פון דעם אויבנדערמאנטן מענשעוויקאווס באריכט פון 18 מאי דער־
ווייזט מיר זיך, ווי ערנסט ס'איז אוועקגעשטעלט געווארן די שמירע פון
פאן־וואלן אינם טאג פון 5 מאי 1902, ווען ער איז, ניט געקוקט אף די
באקאנטשאפט פון זיינע נאענטע, אוועק אין צירק. אום זיך צו באוואכטיקן,
פארוואס זיי האבן ניט אפגעהיט דעם גובערנאטאר, האבן די ווילנער טאכט
ארגאנען צוגעשטעלט מענשעוויקאוון א רעשימע פון אלע באאמטע, וואס
זיינען געווען ארום פאן־וואלן אין דעם מאמענט פונם אטענטאט. מענש־
טשיקאוו האט אפילע צוגעגעבן צו זיין באריכט א פלאן פון דעם ארט,
וואו ס'איז פארגעקומען דער אטענטאט.

ס. ר.

---

М. Ю.

**ПРОКУРОРЪ**

Виленскаго

Окружнаго Суда.

Мая 28 дня 1902 г.



г. Вильна.

Секретно.

Г. Прокурору Виленскаго Военно-Окружнаго Суда.-

Вслѣдствіе отношенія отъ вчерашняго числа за № 2, увѣдомляю Ваше Превосходительство, что смертный приговоръ надъ осужденнымъ Виленскимъ Военно-Окружнымъ Судомъ Гиршемъ Лекутомъ приведенъ въ исполненіе сего числа въ 2 ч. 10 мин. пополуночи. Смертная казнь Лекута была произведена въ мѣстѣ, указанномъ административнымъ начальствомъ, близъ г. Вильны, на военномъ полѣ, окруженномъ со всѣхъ сторонъ войсками, въ одномъ изъ рвовъ, недоступномъ для взора постороннихъ лицъ. Въ 2 ч. 30 мин. присутствовавшій при казни врачъ констатировалъ смерть Лекута и трупъ послѣдняго зарытъ на мѣстѣ казни въ приготовленной для него могилѣ.-

Прокуроръ Суда [signature]

И. д. Секретаря [signature]

# אינהאַלט:

זייט